די יידן פון דאָרף סארני און פון די ארומיקע נאָענטע דערפער זענען געווען בכבודיקע יידישע משפחות, בעלי צדקה און מכניסי אורחים. זייערע הייזער האָבן זיי געפירט ביד רחבה, ווייל ווי ס׳זעט אויס האָט קיין פרנסה ניט געפעלט, און קעגן דער צארישער פּאָליציי האָט מען געהאַט א מיטל — "מנחה היא שלוחה לאדוני לעשיו".

איניקע משפחות פונ׳ם דאָרף ווי די משפחות וועלוול גייפמאַן, איצל זינגער, דער שוחט זיסקינד גאמערמאַן, שור, טוראק א.א., זענען שפּעטער געווען פון די בויער און עסקנים פון סארני, זיי און זייערע קינדער, ביז צום לעצטן טרויעריקן טאָג פון אונטערגאנג.

אַט אזוי האָבן די יידישע משפחות פון דאָרף סארני געפירט זייער אייגנאַרטיקן לעבן במשך דורות־לאַנג ביז צו דער אנטשטייאונג פון דער נייער שטאָט סארני.

צו דער אנטשטייאונג פון סארני האָבן מיטגעווירקט דריי דעציזירנדע פאַקטאָרן:

(א) די רדיפות אויף די יידן פון די דערפער און די גירושים אין די לעצטע יאָרן פונ׳ם פאָריקן יאָר־הונדערט.

(ב) די בויאונג פון דער נייער באַן־ליניע קיעוו—קאָוועל, וועלכע האָט זיך דערנאָך גערופן "יוגא זאפאדנאיא ליניא" (די דרום־מערב׳דיקע באַן־ליניע). די ליניע האָט געהאַט פאַר דער צארישער רעגירונג זער א וויכטיקע באדייטונג, פונ׳ם פּאָליטישן און סטראטעגישן שטאַנדפּונקט, ווייל זי האָט פאַרבונדן פּוילן מיט אוקראַינע און רוסלאַנד.

(ג) דער דאָרף סארני און אומגעגנט האָבן געהערט צום באַוווסטן גענעראַל דזשערזשינסקי — א קרוב צום צארישן הויף. קיין הכנסות האָבן די בלאָטעס פון זיין אייגנטום אים ניט געבראַכט, און אויב ער וואָלט עס געוואָלט פאַרקויפן וואָלט ער עס געמוזט אָפּגעבן פאַר שפּאָט ביליג. האָט ער באשלאָסן אויסנוצן די דערלויבעניש פון דער צארישער מאכט (דאָס יעדע הונדערט דערפער מעגן בויען א שטעטל ווו יידן וועלן מעגן וווינען), און פאַרוואַנדלען דעם דאָרף סארני אין אזא שטעטל. ביי וועמען נאָך האָט ער געקענט נעמען אזא גוטן פּרייז פאַר יעדן מעטער ערד אויב ניט ביי יידן; בפרט אז סיווי האָט אויך דאָס געלט און אויך די ערד געהערט ווייטער צום פּריץ, ווייל יידן איז דערלויבט געווען בלויז צו פאכטן ערד און צאָלן ארענדע יעדן יאָר, אָבער ניט צו קויפן אויף אייביק; אויך די הייזער זענען געבויט געוואָרן לויטן קאָנטראַקט אויף א באַשטימטער צייט — און דער פּריץ האָט געהאַט דאָס רעכט אראָפּצונעמען די געביידע אויב ער האָט נאָך דער צייט ניט געוואָלט באנייען דעם הסכם.

היות גענעראַל דזשערזשינסקי איז געווען א מקורב למלכות, איז ער אויסגעפאָרן קיין פּעטערבורג און געבראַכט כתוב וחתום, אז צוליב דעם וואָס די באַן־ליניע גייט אדורך אין די גרענעצן פון זיינע בלאָטעס — מעג ער בויען אין די דאָזיקע געביטן א שטעטל (פּאָסאַד סארני).

## סארני ווערט א שטאָט

ווען יידן האָבן דערהערט, אַז נעבן דאָרף סארני בויט מען א באַן־סטאַנציע, וועלכע וועט פאַראייניקןביידע ליניעס, די פּאָליעסיער מיט דער "יוגא־זאפאדנער", און ס׳וועלן דאָרט אדורכגיין פיל צוגן, און מען בויט א גרויסן לאָקאָמאָטיוון־דעפּאָ, ווו ס׳וועלן ארבעטן הונדערטער פאַך־ארבעטער, און דערצו נאָך הונדערטער באַן־באאמטע פאַר וועלכע מען בויט ספּעציעלע הייזער, — איז דאָך א סימן אז דאָ וועט מען קענען האָבן פּרנסה; האָבן יידן פון אלע עקן וואָלין און פּאָלעסיע גענומען שטראָמען אהער. די ערשטע זענען געווען די יידן פון די ארומיקע שטעט, שטעטלעך

און דערפער ווי בערעזשניץ, דאמבראוויץ, בערעזנע, סטעפאן און אנדערע. אָבער די סאמע ערשטע זענען געווען די יידן פון די דערפער סארני, ניעמאוויץ, טשודליע א.א.

אזוי ארום האָבן דאָ אָנגעהויבן וואקסן ווי שוואמען נאָך א רעגן האָטעלן און בתי־מסחר, וואָס האָבן מיט דער צייט זיך אויסגעברייטערט אויף אלץ מער א גרעסערן שטח. אזוי איז אין די יאָרן 1900—1902 אויפגעקומען די שטאָט סארני, וועלכע איז שפּעטער באוווּסט געווען אין פוילן אלס ראַיאָן־שטאָט (פּאוויאַט) מיט אַ באַפעלקערונג פון קרוב צו 14,000 נפשות, פון זיי בערך אַ העלפט יידן.

די סארנער יידישע באפעלקערונג האָט זיך באזונדערס פארברייטערט און צעבויט אונטער דער הערשאפט פון דער פוילישער רעפּובליק. סארני איז געווען ענג פארבונדן מיט די שטאָט צענטערן פון פוילן, ווארשא, לאָדזש און אנדערע, סיי אויפ׳ן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן, קולטורעלן ווי אויך אויפ׳ן רעליגיעזן געביט. סארני האָט גערימט מיט אירע אינסטיטוציעס. אין בית־ספר ״תרבות״ האָבן געלערנט יעדן יאָר בערך 600 קינדער. דאָרט האָט זיך אויסגעבילדעט א דור פון מורים, חלוצים און סתם גוטע ציונים און געטרייע יידן, א דאנק וועלכע מיר האָבן היינט קרוב 600 משפחות פון סארני אין ישראל.

בארימט איז געווען איבער גאנץ פוילן דער סארנער בית־יתומים. נאָך די אוקראַיניש־פּעטלורישע פּאָגראָמען זענען פון גאַנץ וואָלינער און קיעווער גובערניעס געפלאָסן יתומים קיין סארני, בעירום ובחוסר כל. דאָ האָבן זיי באקומען א ווארעמע היים, דערציאונג, געלערנט ״עברית״ און אויך א פאָך, און דערנאָך זענען זיי געפאָרן קיין ארץ ישראל אָדער אנדערע לענדער, לויט זייער פארלאנג אָדער לויטן פארלאנג פון זייערע קרובים און אפּוטרופּסים.

צוליב די יתומים, וועלכע זענען געקומען קיין סארני קראנקע מיט פארשידענע קראנקהייטן, איז ספּעציעל געגרינדעט געוואָרן אין די יאָרן 1920—1921 אן אָפּטיילונג פון ״ט א ז״ געזעלשאפט, וועלכע האָט עקזיסטירט אין סארני ביזן יאָר 1939.

אין יענע יאָרן איז אויך אויפגעבויט געוואָרן אן ״אָ ר ט״ שולע, וועלכע האָט גערימט איבער גאנץ פוילן און וועלכע האָט דערצויגן הונדערטער פארשידענע סטאלערייַ פאכלייט ווי אויך שילערינס, וועלכע האָבן געענדיקט קורסן פון נייען און צושניידן. הונדערטער מענער און פרויען אין ישראל, ווי אין אנדערע לענדער, האָבן צו פארדאנקען זייער בכבודיקע עקזיסטענץ דער סארנער ״אָרט״־שולע.

סארני איז געווען באקאַנט מיט אירע רבנים און שוחטים, מיט איר ישיבה און תלמוד־תורה, מיט איר קהילה־פארוואלטונג, ציוניסטישע אינסטיטוציעס און פּאַרטייען, און אירע עסקנים זענען געווען באוווּסט לשם ולתפארת.

דאָס אלץ איז חרוב געוואָרן אין די מוראדיקע טעג י״ד־ט״ו באלול תש״ב, ווען די מערדערישע נאַצישע באנדעס האָבן ארויסגעפירט אונדזערע טייערע ברידער און שוועסטער, זקנים ונערים, עוללים ויונקים, און מיט דער רוצחישער האנט זיי אלע אומגעבראכט. זיי ליגן דאָרט יעצט באערדיקט אין דריי קברים על אדמת נכר, און מיר קענען אפילו ניט קומען צו זייערע קברים און זיך אויסוויינען.

ליבער גאָט, זיי זיך נוקם פאר זייער בלוט!

# די יידישע קהילה אין סארני

די געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין סארני טיילט זיך אויף 6 תקופות:

(א) פון יאָר 1900 ביזן אנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914.

(ב) פון 1915 ביזן אריינקומען פון דער פוילישער מאכט אין יאָר 1920.

(ג) פון 1920 ביזן אריינקומען פון דער רויטער ארמיי אין סעפטעמבער 1939.

(ד) פון סעפטעמבער 1939 ביז יולי 1941, אונטער דער סאָוועטישער מאכט.

(ה) אונטערן שטיוועל פון געסטאפאָ און אוקראינישע פּאָליציי — ביזן חורבן.

(ו) ביי די פּארטיזאנער, און דעם צוריקקומען פון דער רויטער ארמיי.

ביזן אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

ווי באוווּסט האָט די צארישע מאכט ניט געגעבן קיין מוניציפּאלע אָדער אנדערע בירגערלעכע רעכט דער באפעלקערונג אין אלגעמיין, און באזונדערס ניט די יידן אין די קליינע שטעטלעך פון דער "טשערטא אסיעדלאסטי" (תחום המושב — ווו יידן איז געווען דערלויבט צו וווינען).

די באפעלקערונג פון רוסלאנד האָט זיך געטיילט אויף פאָלגענדע שיכטן:

(א) "קרעסטיאנסטווא" — פּויערנטום מיט זייער "וואָלאסטנאיע אופּראווליעניע", א פאר־וואלטונג פאר עטלעכע דערפער.

(ב) "מיעשצאנסטווא" — שטעטלדיקע איינוווינער. זיי האָבן געמעגט וווינען נאָר אין די שטעטלעך און זייער פארוואלטונג האָט זיך גערופן "מיעשצאנסקאיא אופּראווא".

(ג) "קופּיעצעסטווא" — גרויס סוחרטום פון ערשטער און צווייטער מדרגה. ווען א ייד האָט געהאט א באשטעטיקונג אלס סוחר פון ערשטער "גילדיע", האָט ער אויך געמעגט וווינען אין די רוסישע שטעט פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו א.א.

(ד) "דוואריאנסטווא" — גוט־באזיצער און אנדערע הויכע גראד פון דער רוסישער עליטע, פירשטן און מקורבים פון דער צארישער משפחה.

סארנער יידישע באפעלקערונג האָט געוווינלעך געהערט צו די "מיעשצאנעס". נאָר אזוי ווי סארני איז געווען א ניי שטעטל מיט צענדליגער פּאָרענע איינוווינער פון דער גאנצער סביבה, איז יעדערער געבליבן צוגעשריבן צו זיין פריערדיקער "מעשצאנסקע אופּראווע". דאָרט האָט ער באקומען א פּאספּאָרט, דאָרט האָט ער זיך צוגעשטעלט צום פּריזיוו (מיליטער קאָמיסיע). די אופּראווע האָט אויך געמאָנט די פארשידענע מסים וואָס האָבן פארפליכטעט נאָר יידן: פאר ליכט בענטשן, פון שחיטה הכנסות (די "טאקסע") א.א. צוליב וואָסערע סיבות דאָס איז געווען — עקאָנאָמישע אָדער די תקיפים פון די אנדערע אופּראוועס האָבן נישט דערלאָזן — קיין "מיעשצאנס־קע אופּראווע" איז אין סארנע ניט געווען, און דאָס האָט זייער פיל געשטערט דער סארנער יידישער באפעלקערונג. קיין "קאזיאנני ראבין" (רעגירונגס־רב), וועלכער פלעגט פארשרייבן די געבורטן, חתונות און טויטפאלן, איז אויך ניט געווען. אין אזעלכע פאלן פלעגט מען זיך דארפן ווענדן צו די ראבינערס פון אנדערע שטעטלעך, דאמבראוויץ, וולאדימירעץ און אויך ראָוונע — די דאָ־מאָלסדיקע קרייז־שטאָט.

כ'איז אויך ניט געווען אין סארני קיין "גאראדסקאיא אופּראווא" (שטאָט פארוואלטונג) און אין אלע רעגירונגס־ענינים האָט מען געמוזט זיך ווענדן קיין ראָוונע.

סארני איז בלויז געבעננטשט געווען מיט אן אייגענעם "פריסטאוו", "אוריאדניק" און מיט א צען פאָליציאנטן (פאָליציייאישער שעף, זיין פארטרעטער און קלענערע ראנגען), א געריכט מיט א שופט און זיין סעקרעטאר, א פּאָסט־אמט, און וואס ס'איז נאָך וויכטיקער — א "מאָנאָפּאָלקע" (בראָנפן פארקויף דורך דער רעגירונג). די גאס אויף וועלכער ס'האָט זיך געפונען די "מאָנאָ־פּאָלקע" האָט זוכה געווען צום היסטאָרישן נאָמען "מאָנאָפּאָלנאיא אוליצא" (מאָנאָפּאָל גאס).

אין יעדן ידישן שטעטל איז געווען א ייד, וועלכער האָט געהאט גוטע באציאונגען מיט דער פּאָליציי. ער איז געווען דער פארמיטלער, און דורך אים פלעגט די פּאָליציי באקומען חודש־געלט און סתם לא יחרץ געלט. אזא ייד איז אויך געווען ביי אונז אין סארני.

ביי דער פּאָליציי האָט זיך געפונען דער "אַרעסטני דאָם" (אַרעסט־הויז), ווו ידן פלעגן אָפּקומען דעם שטראָף פאַר זייערע „גרויסע פארברעכנס": פאַר שליסן די קראָם נאָך 7 אַזייגער, פאַר פארקויפן זונטיק דורך דער אונטערשטער טיר און ענלעכע "געפערלעכע פארברעכנס"...

פאַר לא יחרץ געלט פלעגט דער שומר פון ארעסט דערלויבן אריינברענגען ליכט פאַר ידישע פרויען, כדי זיי זאָלן קענען מקיים זיין די מצוה פון הדלקת הנרות. חסידים האָבן געקענט פאַר א פאַר רובל פראווען שלוש סעודות מיט א מנין א.א.וו.

נאָכדעם ווי ס'האָט זיך אויסגעבויט די שיינע גרויסע באַן־סטאַציע און דער דעפּאָ, ווו ס'האָבן געארבעט פיל ארבעטער און באאמטע, צוגן האָבן אָנגעהויבן קורסירן אין לויף פון גאנצן מעת־לעת, און ס'האָבן זיך געשאפן פארשידענע קוואלן פון פרנסה — האָט זיך אָנגעהויבן בויען אויך דאָס ידישע געזעלשאפטלעכע לעבן מיט אלע אינסטיטוציעס.

## די גרויסע שול

אין א קורצער שטיקל צייט איז אויפגעבויט געוואָרן דער גרויסער בית־המדרש מיט דער אקטי־ווער באטייליקונג פון שוחט ר' זיסקינד גאמערמאן, די בעלי־בתים ברידער ה"ה יעקב און לייב אלעקסאנדראָוו, ר' דוד בירג, ר' זעליג בערלינסקי, ה' נארבער, ר' גדליה מוריק, ר' מענדל לאופער, ר' אברהם קלעס, ר' קלמן פעלד א.א. מ'האָט איינגעלאדן דעם יינגן רב ר' מתתיהו קאבאטשניק לשמש בקודש. דער רב איז געווען א ליטווישער ישיבה בחור, געשטאמט פון שטעטל איישישאק, א למדן מופלג, א מעורב עם הבריות, ניט קיין פאנאטיקער. ער האָט צו זיך צוגעצויגן די גאנצע ידישע משפחה און האָט דערוואָרבן ביי אלעמען פיל ליבע און כבוד. הגם ס'זענען געווען אין סארני חסידים מכל המינים: סטאָלינער, טריסקער, בערעזנער און אנדערע, האָבן אלע אים אנערקענט אלס איינציקן אויטאָריטאַטיוון רב. ער האָט געפירט דעם כסא רבנות ביז זיין פטירה אין יאָר 1919.

אין בית־המדרש האָבן געדאווענט בכבודיקע בעלי־בתים און בעלי־מלאכות. פארן עמוד פלעגן דאווענען גוטע בעלי־תפילה, ווי דער שוחט ר' זיסקינד, זיין ברודער ר' שלמה גאמערמאן, ר' אלתר קופערמאן און ר' יהושע פיקמאן, וועמען מ'האָט שפעטער גערופן ר' יהושע דער חזן.

ר' יהושע דער חזן האָט אויף דער עלטער זיך טאקע מפרנס געווען בכבוד פון זיין חזנות. ער פלעגט קומען אויף אלע חתונות און אנדערע שמחות און מיט זיין הדרת פנים, מיט זיינע שיינע איידעלע וויצן, ווי אויך מיט זיין זינגען און טאנצן, האָט ער משמח געווען דעם עולם. ר' יהושע דער חזן איז געווען א ייד א תלמיד חכם, א ירא שמים, נעים הליכות, און איז געווען שטארק באליבט ביים סארנער עולם.

מיט א קורצער צייט שפּעטער איז אויסגעבויט געוואָרן — ניט ווייט פון דעם בית־המדרש — די סטאָלינער שול, אָדער ווי מ׳פלעגט איר רופן ביי אונדז — די סטאָלינער שטיבל. ביזן אויסבויען די שול האָבן די סטאָלינער חסידים געדאַוונט ביי ר׳ יוסף נאַבאָזשני אין שטוב. די שול איז געבויט געוואָרן אויף ר׳ הערשל ברעגמאַנ׳ס פּלאַץ. אין בויען פון דער שול האָבן אריינגעלייגט פיל מי די בעלי־בתים ר׳ צדוק זאַנדוויס, ר׳ מאיר גאָלדמאַן, ר׳ יוסף חרפּאַק, ר׳ בנימין קאָנטאָ־ראָוויץ, ר׳ יהודה פּערלשטיין, ר׳ שמואל גייפמאַן מיט זיינע זין משה און יעקב, ר׳ אהרן מיאַסניק, ר׳ משה יאָסל קאַטעלטשוק, ר׳ מאיר שאָר, ר׳ פּסח בורקאַ, ר׳ יצחק גליק, ר׳ לייזער זשוק, ר׳ לייזער סאַסניק, די ברידער ישראל און משה קאַלקאָווסקי, ר׳ אהרן בערעזאָוויץ, ר׳ שבתי קוניק א.א. אין דער שול האָבן געדאַוונט בלויז סטאָלינער חסידים, און אין איר האָבן פאַר־פליכטעט די מנהגים פון די סטאָלינער אדמו״רים. ס׳האָבן ניט געטאָרט דאַוונען חזנים מיט משוררים. אָבער ווער האָט זיך אין דעם געגויטיקט אז ס׳זענען געווען אזעלכע טייערע און געשמאַקע בעלי תפילות ווי ר׳ צדוק און ר׳ פּנחס זאַנדוויס, ר׳ משה יאָסל קאַטעלטשוק, אָדער א מאָל אויף א שבת איז גאָר געקומען ר׳ מנחם פון דאָמבראָוויץ! זייער דאַוונען איז געווען בבחינת ״כל עצמותי תאמרנה״, ווי די חסידים פלעגן דערציילן וועגן ר׳ אהרן קאַרלינער זצ״ל, אז איינמאָל שבת ביים דאַוונען האָט ער א געשריי געטון ״פּדאַי ושארו״, גיב פייער! אזוי פייערדיק האָט מען אין דער סטאָלינער שול געדאַוונט. און אזוי פייערדיק ווי ס׳איז געווען דאָס דאַוונען, אזוי וואַרעם און מתיקות׳דיק איז געווען זייער זינגען שבת ביי שלש סעודות, ביי די מלוה־מלכה׳ס און ביי אנדערע געלעגנהייטן. ווער ס׳האָט ניט געזען די שמחות אָך ניט געהערט די זמירות פון דער סטאָלינער שול, איבערהויפּט פּורים און שמחת־תורה, ווייסט ניט און וועט ניט וויסן דעם געשמאַק פון מועדים לשמחה, חגים וזמנים לששון.

פון אלע עקן שטאָט, קינד און קייט, יידן און אפילו קריסטן, פלעגן קומען צו דער סטאָלינער שול זען ווי חסידים זיינען זיך משמח. ווער געדענקט ניט דעם טאַנצן אויפן טיש און אויף די בענק פון ר׳ משה יאָסל קאַטעלטשוק, זיין זינגען און פּאַטשן מיט די הענט. אָט זעען מיר אים ווי ער זאָגט די מוסף שמונה־עשרה פון שמחת־תורה, זייענדיק צוגעבונדן צום עמוד פון באַלעמער און חברה טאַנצן אין א ראָד ארום אים. אָט, דרייט זיך ארום ר׳ יאָסל נאַבאָזשני מיט די צענדלי־קער קינדערלעך און טיילט זיי צוקערלעך און שרייט אויס ״צאן קדשים!״, און די קינדערלעך ענטפערן — מע! מע! אָט זאָגט ער דעם גרויסן ״אני מאמין״, און אלע קינדערלעך ענטפערן — אמת! אמת! אָט טאַנצט אויף א באַנק ר׳ אהרן מיאַסניק און זינגט בגילופנדיק, און אנטקעגן טאַנצן ר׳ פּסח בורקאַ אין א קאַפּעליוש מיט פעדערן, שלמה׳קה דער סופר א.א.

צו דער העכסטער התלהבות און שמחה זענען דערגאַנגען סטאָלינער חסידים אין דער וואָך ווען דער רבי ר׳ ישראל׳קע פּערלאָוו זצ״ל (דער ינוקא) איז געקומען קיין סאַרני. חוץ די חסידים פון סאַרני, וועלכע האָבן זיך די וואָך כמעט אויסגעטאָן פון דאגות־פּרנסה און זיך אינגאַנצן איבערגע־געבן צו די שמחות, זענען זיך צונויפגעפאָרן הונדערטער חסידים פון דער גאַנצער סביבה, מי ברכב ומי ברגל, און אזוי ווי ס׳ווערט געזאָגט ביי עליה לרגל לירושלים — ״לא אמר איש צר לי המקום״, אזוי איז אויך געווען אין סאַרני: יעדער חסיד האָט אויפגענומען צו זיך אייניקע חסידים צוגאַסט.

שוין מיט אייניקע וואָכן פאַרן אָנקומען פון רבין האָט מען געפּילט אין שטיבל די הכנות. גאַנצע פּלענער זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן: ביי וועמען וועט דער רבי איינשטיין דעם יאָר,

וועמען וועט דער רבי באזוכן, ווער וועלן זיין די בעלי־תפילות, בעלי־קריאה, סארוועס, זינגער א.א.וו. און ווען דער רבי איז געקומען, איז געוואָרן אין שטעטל ליהודים. די פלאם־פייערדיקע תפילות, די טענץ און שמחות האָבן דערוואַרעמט ניט נאָר די חסידים — נאָר אויך אלע די וועלכע זענען געקומען פון אנדערע בתי־מדרשים. ניט נאָר די חסידים האָבן געפילט אז דער רבי איז אין סארני, נאָר די גאנצע באפעלקערונג פון סארני און סביבה, און אפילו די גויים האָבן גע־שמועסט צווישן זיך — "סטאלינסקי ראבין פריעכאל", דער סטאלינער רבי איז געקומען!

דערמאָנענדיק די בעלי תפילה און בעלי־קריאה פון דער סטאלינער שול, איז כדאי צו פארצייכענען, אַז פאר די גאנצע צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער שול, בערך 40 יאָר, זענען געווען בס״ה צוויי בעלי קריאה, ווייל אין דער סטאלינער שול האָט מען ניט צוגעלאָזן צו דער תורה אבי וועמען. ער האָט געדאַרפט זיין א ייד א ירא שמים, א איש תם וישר, נעים הליכות. די צוויי בעלי קריאה זענען געווען ר׳ ישראל קאלקאווסקי (דער פאָטער פון ה׳ יעקב קאלקאווסקי) און דער שוחט ר׳ פסח אליה. זיי ביידע זענען געווען ראוי צו דעם מכל הבחינות.

## די בערעזנער שול

מיט א צייט שפעטער איז אויסגעבויט געוואָרן די בערעזנער שול. אין דער בערעזנער שול האָבן געדאַוונט מערסטן טייל בעלי־מלאכות, חסידים פונם בערעזנער רבין, ר׳ שמואל׳יקל פעטשעניק זצ״ל. בעלי־מלאכות פרומע, אָרנטלעכע יידן, וועלכע האָבן א גאנצן טאָג געארבעט און געהאָרע־וועט מיט זיעת־אפיים, האָבן מיט אייגענע כוחות און אייגענע מיטלען אויסגעבויט א שיינע שול און זאָגאר א וווינונג פאר זייער שמש ר׳ מענדל.

אין בויען פון דער שול האָבן גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל ר׳ יהודה לאנגער, די ברידער ר׳ איצע און ר׳ בני גלעקעל, די ברידער ר׳ מענדל און ר׳ וואָלף פאבריקאנט, ר׳ זרח דענענבורג, ה׳ גרינ־בערג, ר׳ אפרים ביקאָווסקי, ר׳ יעקב בריק, ר׳ יהושע ברוך פלאטניק, ה׳ וואשטשינא א.א.

אזוי ווי אין די אנדערע שולן אזוי אויך איז אין דער בערעזנער שול צוגעקומען אלס מער מתפללים און זיי האָבן אין די שבתים שיין געפּראוועט שלש־סעודות און מלוה־מלכה׳ס בשירה וזמרה. ווען דער רבי ר׳ שמואל׳יקל מיט זיין הדרת־פנים׳דיקן אויסזען פלעגט קומען אויף שבת צו זיינע חסידים, איז די שמחה געווען אָנגעגאָסן אין דער גאנצער שטאָט. מאסן חסידים פון שטאָט און סביבה האָבן זיך משמח געווען און מ׳האָט געטראָגן "פדיון" ביד רחבה.

אין א פּאָר יאָר שפעטער, איז אראָפּגעקומען קיין סארני ר׳ שמואל׳קעס יינגסטער זון, ר׳ יאָסעלע זצ״ל. און הגם ר׳ שמואליקל האָט נאָך געלעבט און געפירט זיין הויף אין בערעזנע, האָט שוין ר׳ יאָסעלע אָנגעהויבן פירן א רביישן טיש און האָט געפונען פיל חסידים אין סארני. ר׳ יאָסעלע זצ״ל איז געווען באליבט ביי דער גאנצער באפעלקערונג. ער איז טאקע געווען ראוי לכך: א תלמיד־חכם, א גרויסער ירא־שמים, אַן עניו און אַן אוהב ישראל. זיין שיין פאטריארכא־לער אויסזען האָט פשוט באַצויבערט.

## די פאלעסיער שול

סארני איז געווען צעטיילט אויף צוויי שטאָט־טיילן: פון איין זייט — דער צענטער פון שטאָט, פון דער ידישער באפעלקערונג, פון מסחר און פון אלע אינסטיטוציעס. אינמיטן שטאָט איז אדורך די באַן־ליניע מיט אלע אירע איינריכטונגען: סטאציע, דעפּאָ, וואסער־רעזערוואר (ווא־

דאקאטשקע), הייזער פאר די באן־באאמטע, שולע פאר די קינדער פון די באן־באאמטע, און א פארק — דער איינציקער שטאָט־גאָרטן אין סארני. נאָך דער באן־ליניע האָט זיך אָנגעהויבן די פאלעסיער זייט. אויף דער זייט איז געווען פיל לופטיקער, טרוקענער, מער גרינס, און א סאָס־נאָווער יונגער וואלד. אויף דעם טייל פון שטאָט האָבן מערסטן געוווינט קריסטן, באן און פאָסט־באאמטע און אנדערע. יידן האָבן זיך געפונען אויף דער פאָלעסיער זייט אומגעפער א דריי מנינים. דאָרט האָבן זיך אויסגעבויט פיר האָטעלן, נאָענט פון דער באן־סטאציע. זיי האָבן געהערט צו די משפחות יונה אווערבוך, נפתלי גאָלדמאן, מרדכי זאנדוויס, און דער גרעסטער און שענסטער פון זיי האָט געהערט צו פאמיליע וועלוול גייפמאן. די האָטעלן האָבן ניט שלעכט פראָספערירט, נאָר אמערסטן איז געווען איבערפולט דער האָטעל פון ר׳ וועלוול גייפמאן. דאָרט זענען פארפאָרן אלע יידישע וואלד־סוחרים פון פוילן און רוסלאנד. און אז ס׳געפונען זיך א 30 משפחות יידן, סטאבילע איינוווינער, אין אזא הויז ווי ר׳ וו. גייפמאנס מיט זיינע יידישע סוחרים, ווי לעבט מען דאָס אָן א שול? נעמט מען זיך טאקע צו דער מלאכה, און די שול ווערט שנעל אויפגעבויט, ביד־רחבה, מיט אַ שיינעם אָרון־קודש, וווהין ר׳ וו. גייפמאן פירט אריין א ספר־תורה, און נאָך אים גייען אנדערע בעלי־בתים, און די שאפעס ווערן אָנגעפילט מיט ספרי־קודש, גמרות און משניות.

צווישן די טיכטיקע מיטהעלפער ביים בויען די שול און אירע איינריכטונגען זענען געווען: ר׳ וועלוול גייפמאן און זיין זון אָשר, משפחת פיינשטיין, משפחת פידעל, אדוואָקאט בעקער, ר׳ צדוק און ר׳ מאָטל זאנדוויס, ר׳ יונה אווערבוך, ר׳ יהושע ברוך פלאטניק, ר׳ יוסף גלעקעל, ר׳ איצע גליק, ר׳ ישראל נאַבאָזשני, ר׳ אהרן וואלף פעלד, ר׳ יאָסל רויטלמאן א.א.

## די סטעפאניער שול

שפעטער מיט איניקע יאָר האָט זיך אָנגעהויבן בויען נאָך א שול, ווי מ׳האָט זי גערופן שפעטער — די סטעפאניער שול, אָדער רויזענבערגס שול, ווייל די שול האָט אָנגעהויבן בויען דער סארנער חשובער תושב ר׳ משה רויזענבערג. די שול האָט זיך געבויט איניקע יאָר. אין איר פלעגן דאווענען איניקע סטעפאניער חסידים און די איינוווינער פון די ארומיקע גאסן, נאָענט פון דער שול און פון זיין גרויסן הויז האָט ר׳ משה רויזענבערג געלאָזט מאכן א גרויסע סאזשעלקע פאר פיש, וועלכע האָט זיך ניט איינגעגעבן. איז זי געווען כמעט שטענדיק פארלאָזן און פאר־עיפוש׳ט, און זשאבעס האָבן דאָרט געקראקעט. נאָר איינמאָל אין יאָר איז די סאזשעלקע אויסגע־נוצט געוואָרן לצרכי מצוה. דאָס איז געווען ראש־השנה ווען אלע יידן פלעגן גיין אהין צו תשליך.

## דער בית־עלמין

אָדער ווי מ׳פלעגט אים ביי אונדז רופן ״דער הייליקער אָרט״

וועגן דעם בית־עלמין איז דאָ פיל צו דערציילן. קודם כל האָט יעדער איינער פון אונדז דאָרט איבערגעלאָזן א קרוב אָדער א ידיד. והשנית, געפונען זיך יעצט ניט ווייט פון אים די דריי גרויסע ברידער־קברים פון אונדזערע הייליקע מארטירער. יעער פון אונדז געדענקט ניט די טעג פון תשעה באב און גאנץ חודש אלול ווען הונדערטער מענטשן, מענער און פרויען, פלעגן גיין אויף קבר־אבות זיך דאָרט אויסוויינען אויף צרות הפרט והכלל און בעטן אויף ישועות ונחמות

און אויף א גוט יאָר ? אייניקע פון אונדז געדענקען נאָך די חופה וועלכע איז געשטעלט געוואָרן אויפן הייליקן אָרט אין יאָר 1918/19 פאר אן אָרעמער חתן־כלה אלס סגולה אָפּצושטעלן די מגפה פון טיפוס. פיל געדענקען אויך ווען דער גרויסער שטח פונם בית־עלמין איז איבערגענומען געוואָרן פון דעם סארנער פריץ און איז באשטימט געוואָרן אלס הייליק אָרט. ס׳זענען געקומען פיל יידן פון שטאָט און סביבה ווי אויך רבנים, מיטן רבי׳ן ר׳ חיים׳קה טויבמאַן פון בערעזנע. מ׳איז ארומגעגאנגען אייניקע מאָל מיט הקפות ארום דעם שטח, געזאָגט מזמורי־תהילים און אנדערע תפילות. אין אייניקע טעג נאָכן איבערנעמען פון הייליקן אָרט איז נפטר געוואָרן קאָפּל פראל׳ס פאָטער, א ייד פון איבער הונדערט יאָר. כדי ניט לאָזן דעם בר־מינן אליין אויפן בית־עלמין — פלעגט זיין זון קאָפּל גיין א לענגערע צייט נעכטיקןביים קבר, ביז מ׳האָט געבראַכט א צווייטן בר־מינן. פיל איינוווינער פון שטאָט האָבן זיך באלד פארשריבן אלס מיטגלידער פון ״חברה קדישא״ און ״חברה נושאים״.

## הכנסת אורחים

סארני אלס א צענטער פון באַן־פארקער איז געבענטשט געוואָרן מיט אסך אָרעמע לייט, וועלכע פלעגן אָנקומען מיט די צוגן. און אזוי ווי ס׳איז ניט געווען קיין ספּעציעלער אָרט וווּ אויפצונעמען די אָרעמע לייט, האָבן זיי זיך מערסטנס איינגעאָרדענט אין די שולן און בתי־מדרשים, און די חשוב׳ע פון זיי זענען אויפגענומען געוואָרן דורך אייניקע בעלי־בתים. פיל האָבן געפונען זייער אכסניה ביים שוחט ר׳ זיסקינד גאמערמאַן.

די שטוב פון ר׳ זיסקינד גאמערמאַן איז שטענדיק געווען אָפן פאר אלערליי משולחים, רביישע אייניקלעך און סתם אָרעמע־לייט. חוץ דעם פּלאַץ פאַר שלאָפן איז זיי אויך געגעבן געוואָרן עסן און טרינקען ביד־רחבה. אָבער אין הקומץ משביע את הארי, און ס׳איז געשטאַנען די פראגע ווו און מיט וועלכע מיטלען קען מען בויען אַן אכסניה פאַר די אָרעמע לייט. אין דער צייט איז געשטאָרבן אין דעם נאָענטן דאָרף טשודלע די נדיבה ציפורה, די פרוי פון ר׳ ארציק גייפמאַן. די דערמאָנטע משפחה גייפמאַן איז געווען קינדערלאָז. ר׳ יצחק גייפמאַן האָט פארטיילט פיל צדקה אויפן נאָמען פון זיין פארשטאָרבענער פרוי. ס׳איז ניט געווען קיין איין שול ווו ער האָט ניט ארייגעשטעלט אַן עמוד, ארון־קודש, ספרי־תורה מיט פּרוכת׳ן, כתרי־תורה, לייכטער, לאָמפּען און אנדערע תשמישי קדושה, און לבסוף האָט ער אויך אָפּגעקויפט א גרויס הויז מיט א גרויסן שטח ערד ביי דער בערעזנער שול. אין דעם הויז איז איינגעאָרדנט געוואָרן די אכסניה פאר אָרעמע לייט, די תלמוד תורה, און שפּעטער אויך — די מצה בעקעריי. אויפן גרויסן ליידיקן שטח איז שפּעטער געבויט געוואָרן דורך די עסקני העיר די גרויסע שטאָט־באָד מיט די מקוואות.

## חינוך־ענינים

קיין בתי־ספר, גימנאזיעס, אָדער אנדערע מאָדערנע לערן־אַנשטאַלטן זענען אין סארני אין דער תקופה פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה ניט געווען. די איינציקע פיר־קלאסישע רוסישע שולע וועלכע האָט דאַן עקזיסטירט, האָט געהערט צו דער באַן־אדמיניסטראציע. ס׳האָבן דאָרט געלערנט בלויז קינדער פון די באַן־באאמטע, מיטן אויסנאם פון 2—3 יידישע קינדער, וועמענס עלטערן האָבן געהאט א שייכות צו די באַן־ארבעטן.

דער גאנצער חינוך האָט זיך דאַן באַזירט אויף חדרים און אייניקע פּריוואַטע לערערס, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן לעקציעס אין די הייזער. די לערערס פלעגן אויך אַריין אויף אַ פּאָר שעה אין די "חדרים" צו לערנען עברית און די רוסישע שפּראַך. אייניקע פאַרמעגלעכע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט די "חדרים" און פּריוואַטע לערערס, האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די נאָענטע גרעסערע שטעט, ראָוונע — קאָוועל, זיך לערנען אין די דאָרטיקע שולן.

די "חדרים" אין סאַרני אין יענער צייט זענען געווען פון דעם זעלבן טיפּ "חדרים" ווי אין דער גאַנצער געגנט: דער זעלבער מלמד, דער זעלבער קאַנטשיק, דער זעלבער ניגון און שאָקלען זיך, דער זעלבער פאַרדומפּענער צימער, אין וועלכן ס'האָבן געלערנט אַ צוואַנציק קינדער פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין אָוונט. אין אונדזערע זכרונות זענען געבליבן די "חדרים" פון ר' יוסף נאַבאַזשני, ר' אלתר־פּרץ און ר' אברהם־חיים שניידער.

דער מלמד ר' יוסף נאַבאָזשני איז געווען אַ שטילער ווױלער ייד, און האָט מיט געטריישאַפט און איבערגעבנקייט געלערנט די קינדער ידישקייט, דאַוונען און מעביר זיין די סדרה. ער האָט געפירט דעם "חדר" מיט אַ מילדער האַנט. דאַקעגן ר' אלתר־פּרץ איז געווען אַ פיל שטרענגערער: ביי אים האָט מען שוין געלערנט חומש מיט רש"י, גמרא מיט תוספות און אַנדערע מפרשים. דער חדר פון ר' אברהם־חיים שניידער איז שוין געווען אַביסל פאָרטגעשריטענער. ר' אברהם־חיים שניידער איז געווען אַ ייד אַ משכיל, געקאָנט גוט עברית, רוסיש, געלערנט גוט דקדוק און תנ"ך מיט די נייע פּירושים, מקרא מפורש און אַנדערע. מען האָט אים שוין גערופן "דער לערער שניידער". און דאָך האָט ער ניט מעיז געווען אַריינצופירן די מאָדערניזאַציע אין דעם לערן־סיסטעם. אויך ער האָט געלערנט מיט די קינדער ביז שפּעט אין אָוונט, זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון געבן פּעטש די תלמידים און פון אַנדערע שטראָפן. אַ גאַנצן טאָג זענען די תלמידים געווען אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט. פריי האָט מען בלויז אָפּגעאָטעמט ווען דער רבי ר' אלתר־פּרץ האָט געכאַפּט אַ דרימל נאָכן מיטאָג, אָדער ווען ס'איז געווען עפּעס אַ שטיקל יומא־דפּגרא, אָדער אין שול אַ שטיקל קידוש, ברית מילה, פּדיון הבן. דאַן האָבן זיך די חברה אַרויסגעכאַפּט אויפן הויף און זיך צעלאָזן ווי ווילדע ציגן, געטאַנצט און געהוליעט, געשפּילט אין "וואַגע" און "פּיקהאָלץ", אין פּענעס, קוויטלעך, געקראָכן אויף די פּאַרקאַנעס און בוימער און געריטן אויף דער ציג. נאָר ווען דער רבי האָט זיך צוריקגעקערט און דער מוזיניק האָט אויף איינעם פון אונדז אָנגעוויזן אַז ער האָט צופיל געשייגעצט, האָט שוין יענער תלמיד אַריינגעכאַפּט דעם געהעריקן פּסק. אַמגרעסטן איז געווען אונדזער שמחה אין אָוונט, און בפרט ווינטער, ווען מ'איז אַרויס פון די אַלע "חדרים" מיט די פּאַפּירענע לאַמטערנעס פון אַלע קאָלירן. דאַן איז מען געווען פאַרטיילט אין דריי מחנות לויט די "חדרים", און מ'האָט געפירט אַ מלחמה מיט קוילן פון שניי, און מיט שטורם האָט מען אַטאַקירט די שניי־גולם'ס. און דער רעזולטאַט איז געווען — כל דאלים גבר.

ס'זענען געווען נאָך דריי "חדרים", געפירט אויפן זעלביקן סיסטעם: פון ר' לייבל דוואַרעצקי, פון ר' אהרן זוליאַר פון דאָרף ביעמאַוויץ, און פון ר' יצחק אהרן.

צו אַן ענדערונג אין דער לאַגע איז געקומען בערך אין יאָר 1907/08, ווען קיין סאַרני איז געקומען דער לערער בועז ישפה פון טשודנאָוואָלינסק. בועז ישפה איז געווען אַ מאָדערנער מענטש, אַ משכיל מיט אַן אידעלער נאַטור. ער האָט באַלד געדונגען אין צענטער שטאָט (שפּעטער גערופן אַפּטעטשנע גאַס) אַ שיינע דירה פון אייניקע צימערן, פון וועלכע די צוויי

גרעסטע האָט ער באַשטימט פאַר זיין פריוואָטן בית־הספר. די צימערן זענען פאַרזאָרגט געוואָרן מיט גוטע שול־בענק, צו דריי שילער אויף אַ באַנק, מיט אַ וואַנט־לוח, גלאָבוס, אַטלאַסן. אויך די מנהגים און דיסציפּלין זענען איינגעפירט געוואָרן ווי אין אַ מאָדערנעם בית־ספר. דאַן האָט מען אָנגעהויבן לערנען סיסטעמאטיש עברית, געגרינדעט אַ כאָר פון תלמידים און תלמידות, חנוכה און פּורים געשטעלט קינדער־פאַרשטעלונגען, אַלץ אין עברית. און הגם דאָס לערנען איז נאָך ניט פאַרגעקומען עברית בעברית — האָבן שוין די תלמידים צווישן זיך, און בפרט מיט דעם לערער, געשמועסט אין עברית. אזוי איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר עברית ביי אונדז אין סארני. צוליב משפחה סיבות האָט דער לערער ישפה מיט אַ צוויי־דריי יאָר שפּעטער פאַרלאָזן סארני.

ה׳ ישפה איז אוועקגעפאָרן — די מנהגים, תורה און דרך־ארץ זענען פאַרבליבן. נאָך זיין אָפּפאָר איז געקומען קיין סארני א גוטער לערער, פּיוול ניימאַן פון לאַכווע, און די תלמידים האָבן געמאַכט גרויסע פאַרשריט אין די לימודים. ה׳ ניימאַן איז געווען אין סארני אייניקע יאָר. אין די יאָרן האָבן זיינע שילער געשאַפן די אגודת חובבי שפת־עבר און אריינגעצויגן אין איר א סך יוגענטלעכע פון די אנדערע „חדרים״.

פון די פריוואטע לערער געדענקען מיר דעם לערער דווארעץ, וועלכער האָט געגעבן לעקציעס בלויז אין דער רוסישער שפּראַך, ווי אויך די לערער סאשע רויזענבערג און וואלאדיא גאָלדמאַן, וועלכע האָבן געלערנט מאטעמאטיק און שפּראכן.

אסימילירטע משפחות זענען אין סארני אין יענער תקופה ניט געווען. אין אלע הייזער האָט מען גערעדט יידיש, מיטן אויסנאַם פון צוויי־דריי משפחות, וועלכע זענען געקומען פון רוסלאַנד, און זייערע קינדער האָבן געלערנט אין רוסישע גימנאזיעס אין קיעוו און אין אנדערע שטעט.

דאקעגן זענען געווען עלטערן וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין ישיבות, קיין לידע — צו הרב ריינעס ז״ל, אָדער אין קיעוו — צו הרב אהרונסאָן ז״ל, ווי אויך קיין זוויהעל צום פּאָל־טאווער עילוי הרב יואל שורין ז״ל. אייניקע תלמידים האָבן אפילו געוואנדערט ווייטער — קיין אָדעס — און געלערנט אין דער ישיבה און ת״ת און זענען געווען תלמידים פון ח. נ. ביאליק און ד״ר יוסף קלויזנער.

קיין געמישטע חתונות זענען ביי אונדז ניט געווען, חוץ פון איין פאַל, ווען א טאָכטער פון א שיינער חסידישער משפּחה האָט חתונה געהאט מיט א שכן א קריסט, א באַן־באאמטן. דער צופאַל האָט געמאכט א שטארקן רושם אין דער שטאָט און סביבה. די טעג ווען מ׳האָט איר געשמד׳ט און געפירט צו דער חופּה זענען אין שטאָט געווען ווי תשעה־באב אויפן הייליקן אָרט. אלע האָבן זיך באטייליקט אין צער פון דער משפּחה, וועלכע האָט געריסן קריעה און געזעסן שבעה ווי נאָך א טויטן. פון בושה און ווייטיק האָט די משפחה אין אַ קורצער צייט ארום פארלאָזן סארני און זיך באזעצט אין אָדעס.

## ווירטשאפטלעכע ארגאניזאציעס

זענען אין דער אויבן־דערמאָנטער תקופה ניט געווען, ווייל אין די צארישע צייטן איז געווען שווער, און אפילו פארבאָטן, צו אָרגאניזירן וועלכע ס׳איז ווירטשאפטלעכע פאראיינען. אָבער אזוי ווי ס׳האָבן זיך דאָך געפונען פיל וואלד־סוחרים און גרויסע מאנופאקטור געשעפטן, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין א קרעדיט־אנשטאלט, כדי אדורכפירן זייערע האנדלס־טראנזאקציעס, איז

אין 1912, מיט דער איניציאַטיוו פון אייניקע סוחרים און קרעמער, אָרגאַניזירט געוואָרן אַ באַנק, וועלכער האָט זיך גערופן אין דער רוסישער שפּראַך: "סאַרניענסקאַיע אבשטשעסטווא וזאַימנאַגא קרעדיטאַ" — סאַרנער געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט.

דער באַנק האָט זיך געפונען אין מויער, וועלכער האָט געהערט צו אַ דייטש מיטן נאָמען קראַפּט, און פון יאָר 1918 — צו דער פאַמיליע גליק (איינער פון דער משפחה, ה׳ יונה גליק, געפינט זיך אין ישראל).

דער ערשטער דירעקטאָר פון באַנק איז געווען ה׳ רעוויזיק. דער צווייטער ר׳ יוסף גאָלדבערג, דער פאָטער פון ביילקע גאָלדבערג און שווער פון משה גאַמערמאַן ז״ל, וועלכע זענען געווען צווישן די ערשטע 12 עולים פון סאַרני אין יאָר 1921.

ה׳ יוסף גאָלדבערג איז געווען אַ קולטורעלער און אַנשטענדיקער מענטש, און האָבנדיק אונטער זיך אַ גוטן פּערסאָנאַל — חיים גרינבערג, אהרן זאַנדוויס ז״ל, און יבדל לחיים משה בורקא (יעצט אין ישראל) — און די פולע אונטערשטיצונג פון פאַרוואַלטונג און ראַט פון באַנק, אין וועלכע ס׳זענען געווען פעיקע סוחרים און שיינע בעלי־בתים פון שטאָט — ווי די ה״ה אלעק־סאַנדראָוו, ר׳ יצחק לעווין, ר׳ יצחק גליק, ר׳ גדליה מוריק, ר׳ דוד בירג, ר׳ צדוק זאַנדוויס, ר׳ יוסף חרפאַק, ר׳ מאיר גאָלדמאַן, ר׳ משה יצחק נעגעל, ר׳ הערשל ברעגמאַן, די ברידער דוביס־קי, ר׳ אהרון בערעזאָוויץ א.א. — האָט דער באַנק גוט פונקציאָנירט, דעראָבערט צוטרוי ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג אין שטאָט און אין דער סביבה, און געווען פאַרבונדן מיט פיל גרויסע בענק אין קיעוו און אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד.

## קולטורעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס

קיין פּאָליטישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס זענען אין דער תקופה ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה אין סאַרני ניט געווען, חוץ אַ קרייז פון עטלעכע צענדליק חברים ציונים, וועלכע האָבן געשאַפן אַ קליינע ביבליאָטעק. פון די טיכטיקסטע חברים פון דער גרופּע איז געווען ה׳ שמואל זינגערמאַן ז״ל, וועלכער איז געווען דער שפּעטערדיקער יו״ר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע, יו״ר סניף "תרבות", יו״ר הועד לקרן־היסוד ביז זיין אָפּפאָר מיט זיין גאַנצער משפחה קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1930. אין יאָר 1947 איז ר׳ ש. זינגערמאַן געשטאָרבן אין עלטער פון 65 יאָר. שפּעטער האָבן אָנגעפירט די ביבליאָטעק די ברידער נחמיה און יהושע ניסמאַן, ביי וועמען אין הויז זי האָט זיך אויך געפונען.

כדאי צו דערמאָנען, אַז ציוניסטישע טעטיקייט ווי אויך פירן אַ ביבליאָטעק איז פאַר דער צאַרישער מאַכט געווען שטאַרק פאַרבאָטן. אין די אומשטענדן איז דער אָנטייל פון די ברידער ניסמאַן און פון ה׳ יהושע גלויבערמאַן און דוד וואָלאַק א.א. געווען ממש מסירות נפש.

אין יאָר 1911/12 איז אַראָפּגעקומען קיין סאַרני אַ יונגערמאַן פון פּוילן, פון נאָוואָראַדאָמסק, ה׳ יחיאל מיכל וואָלקאָוויטש. געקומען איז ער בשליחות פון אַ גרויסער דייטשער פירמע איינ־קויפן קלעפּקע און בינדער (האָלץ־אויסאַרבעטונגען). ער האָט באַהערשט עטלעכע שפּראַכן: פּויליש, דייטש ווי אויך עברית (שפּעטער איז ער געווען רעדאַקטאָר פון נאָוואָראַדאָמסקער "יידישער שטימע"). ה׳ וואָלקאָוויטש איז געווע; אַ טיכטיקער ציוניסט און ער האָט זיך אין די יאָרן פון 1912 ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגעגעבן מיט ציוניסטישער

טעטיקייט אין סארני. ער האָט אָנגעהויבן פארשפרייטן די "הצפירה", פארטיילן קרן קימת פושקעס אין די הייזער, פארקויפן בולים פון קק"ל, א.א.וו.

## דער בייליס-פראָצעס

כדאי צו דערמאָנען די באַזונדערע טעטיקייט פון די ציוניסטישע עסקנים אין די טעג פון דעם בייליס-פראָצעס (1912) אין קיעוו. די אומרואיקייט און זאָרג האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף יעדנס פּנים. מיט אומגעדולד האָט מען אָפּגעוואַרט דעם צוג פון קיעוו כדי צו צעכאַפּן די יידישע און רוסישע צייטונגען, וועלכע זענען אָנגעקומען. די רוסישע צייטונגען זענען געווען "קיעווליאַנין" (אנטיסעמיטישע גיפטיגע צייטונג), און "קיעווסקאיא מיסל", א ליבעראַלע צייטונג, אָנגענומען צווישן יידן.

די דיסקוסיעס ארום דעם פּראָצעס און די מורא פאר א פּאָגראָם, אויב חלילה בייליס וועט פארמשפּט ווערן, האָבן פארנומען יעדן איינעם. שווער צו באשרייבן די שמחה וואָס האָט ארומגעכאַפּט דעם גאַנצן יידישן יישוב ווען ס'איז אָנגעקומען די בשורה אַז בייליס איז באפרייט געוואָרן. ווען דער בארימטער אדוואָקאַט גרוזנבערג איז נאָכן פּראָצעס דורכגעפאָרן סארני קיין פּעטערבורג, איז די גאַנצע יידישע באפעלקערונג ארויס צו דער באַן-סטאַציע אים באגריסן. ווען דער צוג איז אָנגעקומען און גרוזנבערג איז אראָפּגעגאַנגען אויף א פּאָר מינוט פון זיין וואַגאָן, איז ער אויפגעכאַפּט געוואָרן אויף די הענט, און הויבענדיק אים עטלעכע מאָל האָבן אַלע אויסגערופן: יחי גרוזנבערג. די אָוואַציעס לכבוד גרוזנבערגן האָבן שטארק פארדראָסן די צוויי באַוווּסטע שונאי ישראל, דעם פּראָקוראָר פונם בייליס-פּראָצעס — וויפּער, און דעם קאַטוילישן גלח פּראַנייטיס, וועלכע זענען אויך געפאָרן אין דעם זעלבן צוג. זיי האָבן פארלאַנגט פון דער באַן-זשאַנדאַרמעריע צו צעטרייבן די זשידעס, און הגם די זשאַנדאַרמעריע איז געווען גוט אָפּגעצאָלט דורך די סוחרים און האָטעלן-אייגנטימער — האָבן זיי דאָך דערפילט דעם ווילן פון די צוויי אנטיסעמיטן און האָבן צעטריבן די יידן.

## עליה קיין ארץ ישראל

אין די דערמאָנטע יאָרן איז קיין עליה פון סארני קיין ארץ ישראל ניט געווען. ערשט פאַרן וועלט-קריג, אין יאָר 1913—1914, איז אָפּגעפאָרן קיין א"י ר' שמחה גליניענסקי מיט זיין זון אהרן, א יינגל פון 13—14 יאָר. ר' ש. גליניענסקי איז נאָך א קורצער צייט צוריקגעקומען קיין סארני כדי צו ליקווידירן זיין פארמעגן. זיין זון אהרן איז געבליבן אין א"י. צוליב דעם אויסברוך פון וועלט-קריג האָט ר' שמחה ניט באוויזן צו דערלעדיקן זיינע ענינים און געמוזט פארבלייבן. שפּעטער, אין דער צייט פון די פּעטליורא פּאָגראָמען, איז ר' שמחה געשטאָרבן פון א קראַנקהייט. דער זון אהרן איז שפּעטער געווען א חייל אין "גדוד העברי"; יעצט וווינט ער אין כפר אביחיל ביי נתניה. איניקע יאָר שפּעטער, ווען סארני איז פארנומען געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט, זענען די איבעריקע מיטגלידער פון דער משפחה גליניענסקי אָפּגעפאָרן קיין א"י. דאָ איז זייער נאָמען שמחאי, אויפן נאָמען פון זייער פאָטער ר' שמחה, דער ערשטער עולה פון סארני.

נאָכדעם האָבן נאָך עטלעכע משפחות זיך געקליבן פאָרן קיין א"י, אָבער די וועלט-מלחמה האָט צעשטערט זייערע פּלענער.

אנשטאלטן פאר מעדיצינישער הילף איז יענער צייט אין סארני ניט געווען. בלויז אייניקע נשים צדקניות און עסקנים פלעגן באזוכן די חולים און זיי באַזאָרגן מיט באַוווּסטע רפואות, ווי "ווארעניע" אויף צו דערקוויקן דעם קראנקן, און אויך מיט געלט אין פאל ווען דער קראנקער איז געווען פון די ניט פארמעגלעכע. ס'זענען אויך געווען עסקנים וועלכע פלעגן בלייבן נעכטיקן ביים קראנקן. דער איינציקער דאָקטאָר אין שטאָט איז געווען א קריסט, בארדאוויטש — דער דאָקטאָר פון די באַן־באאמטע אין שטאָט און ראיאָן. ער איז געווען זייער פּאָפּולער און באליבט, און איז שפּעטער געוואָרן בארימט אלס פּראָפעסאָר אין קיעוו. ס'איז געווען זייער שווער צו באקומען אים צו א חולה, ווייל ער איז געווען שטארק באַשעפטיקט אויף זיין אמט. דעריבער האָט ער שטענדיק רעקאָמענדירט זיין פעלדשער קאלישאוו. ווען דער חולה איז געווען א מסוכן און מ'האָט ניט געוואָלט זיך פארלאָזן אויפן פעלדשער, האָט מען אַראָפּגעבראַכט דאָקטוירים פון ראָוונע, אָדער מ'האָט געפירט דעם חולה קיין ראָוונע אין יידישן שפּיטאָל. רייכערע משפחות האָבן זיך ניט געוואָלט פארלאָזן אויף ראָוונער דאָקטוירים און זענען געפאָרן קיין קיעוו צו פּראָפעסאָר מאנדעלשטאם.

פון די ראָוונער יידישע דאָקטוירים זענען געווען פּאָפּולער אי זסארני ד"ר סעגאל און ד"ר צייטלין. ד"ר סעגאל איז געווען אין סארני א בן־בית. ער איז געווען באַוווּסט אלס א למדן. ווען ער האָט באַזוכט א חולה און האָט געדארפט צוווארטן א ביסל צייט, האָט ער געהייסן זיך דערלאנגען א גמרא און האָט זיך פארטיפט אין לערנען, הגם פון פרומקייט איז ער געווען ווייט.

קריגן א רעצעפּט איז שוין נישט געווען קיין שוועריקייט, ווייל א גוטע אפּטייק איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן באַוווּסטן עסקן צבורי ר' יוסף בארזאם. ס'איז אויך געווען א גוטער אפּטייק־סקלאד, וועלכער האָט געהערט צום חשובן עסקן ה' יצחק לעווין.

גלייך ווי אין אנדערע שטעטלעך אין יענער צייט, האָט אויך ביי אונדז ניט געפעלט קיין „באָבעס", און מ'האָט זיך באַנוצט מיט אַ סך באַבסקע מיטלען: אויב אויפן פּנים איז געוואָרן אַ לישאַי אָדער א רויז — איז געקומען מרים קאַפּשוק אָדער שפרה די פּאהאסטערין, האָט ארויסגענומען פלאקס מיט א ליכט, אָנגעצונדן און אָפּגעברענט די רויז און אָפּגעשפּראָכן א גוט אויג. אויב א יינגל איז אַראָפּגעפאלן פון א בוים און האָט אויסגעלענקט א פוס, האָט מען איינ־געשפּאַנט פערד און וואָגן און געפאָרן ברענגען דעם "טאָטער", וועלכער האָט געשמירט דעם פוס מיט זאַלבן און דערנאָך איינגעשטעלט דעם פוס אין ברעטלעך, ארומגעבונדן מיט שטריקלעך. האָבן ווי געטאָן די ציין האָט מען צוגעלייגט צום צאָן א קנאָבל איינגעטינקט אין פעפער, געשווענקט דעם צאָן מיט 90% בראָנפן, און ארומגעבונדן די באק מיט א ווארעמען שאליק. האָבן געבראָכן די ביינער, האָט מען אויסגעשמירט דאָס לייב מיט טערפּענטין, געגעבן טרינקן מאלינעס־זאפט מיט א צוויי־דריי גלעזער הייסע טיי, צוגעדעקט מיט א פּאָר קאָלדרעס און א פּערינע, און מ'האָט גוט געשוויצט. ווען ס'האָט געשטאָכן אין די זייטן און אונטער דער לאפּאטקע, האָט מען צוגע־לייגט א גארטשיטשניק אָדער מ'האָט געשטעלט באַנקעס, און נאָך א סך אנדערע סגולות, ווי שטעלן פּיאווקעס, טרינקען פּערילאַ א.א.וו.

צו די אלע סגולות איז געווען א מומחה די פרוי שפרה די פּאהאסטערין (מוראווינסקי). אָבער פון דעם אלעמען האָט די געטרייע הארעפּאשנע אלמנה ניט געצויגן די חיונה בכדי צו מפרנס

זיין אירע קינדער, ווייל די ארבעט האָט זי מערסטנס געטאָן לשם מצוה. די עיקר פרנסה אירע איז געווען פון סאַרוועריי. ניט געווען אין שטאָט קיין יידישע חתונה ווו שפרה האָט ניט צוגעגרייט די חתונה־מאַלצייט, די גוטע לעקעך און טאָרטן. אַזוי האָט זי אויך געגרייט די שבתים פאַר די הונדערטער חסידים, וועלכע זענען געקומען צו די רביישע טישן, ווען די רביים פלעגן באַזוכן סאַרני. איר ארבעט האָט זי געטאָן באמונה און זי איז געווען צופרידן פון איר שליחות.

ס'זענען אויך געווען ריין חסידישע סגולות צו קראַנקהייטן. ביי גרינגערע פאַלן פלעגט מען אונטערלייגן צוקאָפּענס פונם חולה א ספר פון די אדמו״רים: ביי די סטאָלינער חסידים — דעם ״בית־אהרן״, ביי די טריסקער — דעם ״מגן־אברהם״. מ'פלעגט פאָרן צום רבי'ן אָדער טעלעגראַפירן אז דער רבי זאָל בעטן רחמים. מ'פלעגט מאַכן א מי־שברך פאַרן חולה אין שול און מנדר זיין ג׳ פעמים ח״י. אין ערנסטערע פאַלן איז מען געלאָפן אויפן הייליקן אָרט רייסן קברים.

## אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז דער קערענסקי־רעוואָלוציע

דער ערשטער וועלט־קריג איז, כידוע, אויסגעבראָכן ערב תשעה־באב 1914. ס'איז איבריק צו באַשרייבן די מהומה און בהלה ביי דער באַפעלקערונג. די יללות האָבן זיך געהערט פון יעדן יידישן הויז, ווייל כמעט אין יעדן הויז איז געווען א מאַן, א זון, צי א קרוב, וועלכער האָט געמוזט זיך גלייך צושטעלן צום מיליטער. די מאָביליזאַציע האָט ארומגענומען דעם גאַנצן ״זאַפּאַס״, ד.ה רעזערוו־מענער ביזן עלטער פון 45 יאָר, ווי אויך די אַזויגערופענע רויטע בילעטן ״אָפּאָלצעניע פּערוואַהאַ ראַזריאַדאַ״ — מיליטער־פעיקע מענער וועלכע זענען געווען־לעך גערופן געוואָרן צום דינסט נאָר אויף איניקע וואָכן אין יאָר, אָבער אין פאַל פון קריג זענען זיי געווען פאַררעכנט אלס אַקטיווע אַרמיי. שפּעטער זענען גערופן געוואָרן אויך די באַזי־צער פון בלויע בילעטן, מענער וועלכע זענען אין פאַל פון קריג גערופן געוואָרן צו די געהילף־אָפּטיילונגען. און צום סוף האָט מען גערופן אויך די באַזיצער פון ווייסע בילעטן — מענער וואָס זענען אנערקענט געוואָרן אלס אומפעיקע צום מיליטער־דינסט.

די שלעכטע באַציונג און שטענדיקע רדיפות אויף דער יידישער באַפעלקרונג דורך דער צאַרי־שער מאַכט, די באַגרעניצונגען אויף אַלע געביטן ווי אויך די אַנטיסעמיטישע שטעלונג פון די אָפיצירן אין דער אַרמיי אין באַצוג צו די יידישע זעלנער, האָבן געבראַכט דערצו אז א טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד האָט זיך באַמיט אויסצונוצן אַלע מיטלען בכדי זיך צו באַפרייען פון מיליטער־דינסט.

יידן האָבן געדאַרפט דערפילן אַלע בירגערלעכע פליכטן, צאָלן פאַרשידענע שטייערן, דינען אין מיליטער, גיין אין קריג, געבן קרבנות, בלייבן אינוואַלידן, — אָבער געניסן פון וועלכע ס'איז רעכט האָבן זיי ניט געקאָנט. יידן איז געווען פאַרבאָטן צו באַקומען וועלכע ס'איז אָפיציר־ראַנגן אין אַרמיי. דער זידל־וואָרט ״זשיד״ איז געהערט געוואָרן אויף יעדן טריט און שריט.

טראָץ דעם אַלעמען זענען אריינגעצויגן געוואָרן אין קריג די מערסטע טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג פון די דינסטפעיקע מענער. זיי האָבן גענומען אן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע שלאַכטן, ס'זענען געווען פיל טויזנטער פאַרווונדעטע און טויטע.

הגם די מלחמה איז שוין געווען אין פולן ברען, קרבנות זענען געפאַלן אין די צענדליקער טויזנטער, שטעט און דערפער זענען רואינירט געוואָרן — האָט דאָס לעבן אין סאַרני און אומ־

געגנט געפלאָסן נאָרמאַל. חוץ דעם וואָס צענדליקער צוגן זענען יעדן טאָג דורכגעגאַנגען דורך סארני, געלאַדן מיט מיליטער און אמוניציע צום פראָנט, האָט מען כמעט ווי ניט געפילט אז ס'פירט זיך א מלחמה. ביז זומער 1915 איז דער פראָנט געווען ווייט פון סארני. פין איין ריכטונג איז דער פראָנט געווען אויף דער טעריטאָריע פון צענטראַל־פוילן — ווארשע, לובלין — פון וואנען די דייטשע ארמיי האָט זיך אלע מאָל מער דערנענטערט צו סארני; אויפן צווייטן פראָנט — אין גאַליציע — האָט די רוסישע ארמיי אין אָנהויב געהאט אפילו צייטווייליקע נצחונות, געגאנגען פאראויס און פארנומען די שטאָט לוואָוו (לעמבערג) און די פעסטונג פשעמישל; פון דער דריטער ריכטונג, פון ליטע — ווילנע, האָבן די דייטשן זיך אויך דערנענטערט צו סארני, פארנומען די שטאָט פינסק און צוגעגאַנגען ביז פאר לוניניעץ.

די סארנער יידישע באַפעלקערונג האָט זיך ווי אלע יידן אין דער סביבה צעטיילט אין דער מיינונג "מאי עדיף"? — ווער איז בעסער פאר יידן, דייטשלאַנד אָדער רוסלאַנד? וועגן עסטרייך מיטן קייזער פראַנץ יאָזעף איז לית מאן דפליג אז יידן האָבן געוואָלט ארונטערפאלן אונטער זיין הערשאַפט, ווייל פיל יידן האָבן פערזענלעך געקענט די לאַגע פון יידן אין עסטרייך, און פיל האָט מען דערפאַרן פון די געפאַנגענע עסטרייכישע יידן, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן קיין סארני אויף צוואַנגס ארבעט — אנלאַדן מיליטערישע פראָדוקטן פון די מיליטער באַזעס נעבן דעם באַן וואָקזאַל. אויף פסח און יום טוב פלעגן מיר איינלאַדן די קריגסגעפאַנגענע יידן, וועלכע פלעגן דערציילן ניסים ונפלאות פון זייער קייזער פראַנץ יאָזעף („קיר"ה" — קיסר ירום הודו), די מער־הייט יידן האָבן געוווּנטשן דער רוסישער צארישער ארמיי א מפלה און האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף די דייטשן און עסטרייכער. די וויכוחים זענען געווען גאָר געפירט געוואָרן אין שול אין פאַלוש, און ווינטער — נעבן דער וואַרעמער רובע. איך געדענק אפילו א פשט'ל, וועלכן מ'האָט דערציילט אין נאָמען פון א רבי'ן, וואָס האָט געזאָגט פרייטיק צו קבלת שבת נאָך לכו נרננה אויפן פסוק "עם תועי לבב הם והם לא ידעו דרכי", דאָס די פאָניעס האָבן טאַקי פארנומען לוואָוו, נאָר "והם לא ידעו דרכי", זיי וועלן פון דאָרט אזוי לויפן אז זיי וועלן ניט געפונען דעם וועג צוריק.

ס'איז א צווייפל אויב דעם רבי'נס ברכה אָדער אלע יידישע וווּנטשן האָבן געפועלט — דאָך איז אזוי געשען. די רוסישע חיילות האָבן אין די זומער־חדשים פון 1915 געהאט גרויסע מפלות אויף אלע דריי פראָנטן, האָבן צוריק אָפּגעגעבן די פארנומענע דורך זיי טעריטאָריעס אין גאַליציע און אָפּגעטראָטן ביז איבער לוצק. פון דער ריכטונג האָבן די דייטשן זיך מתקרב געווען צו סארני. נענטער זענען זיי צוגעטראָטן צו סארני פון דער צענטראַל־פוילישער ריכטונג, ווען זיי האָבן פארלאָזן קאוועל און צוגעגאנגען ביז די טייכען סטיר און סטאכאָד, נאָענט פון ראפאלאווקע, ווו זיי זענען טאַקע געבליבן שטיין די גאנצע צייט כמעט ביזן צום סוף פון וועלט־קריג. פון דער דריטער ריכטונג זענען די דייטשן צוגעגאנגען ביז פאר לוניניעץ—מיקאשעוויץ.

אלע אויבן דערמאָנטע דערנענטערונגען פון די ארמייען אין דער ריכטונג צו סארני, דאָס אָנקומען פון פיל רוסיש מיליטער — קאָזאַקן א.א., האָבן די ערשטע צייט ארויסגערופן אין סארני א גרויסע בהלה. פיל משפחות, פון די פארמעגלעכערע, האָבן פארלאָזן סארני און זענען איבערגעפאָרן קיין קיעוו. צווישן זיי זענען געווען די גרויסע מאַנופאַקטור־סוחרים, די ברידער ליפּאַ און גרישאַ דובויסקי, ר' הערשל ברעגמאַן, די וואלד סוחרים די ברידער לעוו און יעקב אלעקסאַנדראָוו און זייער שוואָגער רעוחיוק, ר' מאיר גאָלדמאַן מיט זיין פאַמיליע. די פאַמיליע

פיינשטיין איז צוריק אָפּגעפּאָרן קיין גאָמעל, און נאָך פיל אנדערע האָבן פאַרלאָזן סאַרני.

דער פּחד אין סאַרני און סביבה איז געוואָרן שטאַרקער, ווען די ערשטע קאָזאַקן־פּאַלקן זענען אַריין אין שטאָט. דער ערשטער קרבן פון דעם פּחד איז געפאַלן דער באַליבטער און חשובער וואָלד סוחר און עסקן ר׳ זעליג בערלינסקי. שטייענדיק ביים פענסטער אין זיין הויז אויף דער ברייטער גאַס און זעענדיק די ערשטע קאָזאַקן דורכמאַרשירן, איז ער געפאַלן א טויטער און איבערגעלאָזן א פרוי מיט 8 קליינע קינדער. דער צופאַל האָט געמאַכט א דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג. די ענערגישע אַלמנה, פרוי בערלינסקי, ניט קוקנדיק אויפן גרויסן אומגליק וואָס האָט געטראָפן די משפחה, האָט זיך שנעל אָריענטירט אז זי מוז דערציען די קינדער בדרך הישרה והטובה. איר הויז איז טאַקע שפּעטער, אין די צייטן פון דער פּוילישער מאַכט, געוואָרן א צענטער פון ציוניסטישער טעטיקייט אין סאַרני. דאָרט איז געווען אייניקע יאָרן דער קלוב פון די רעכטע ״פּועלי־ציון״, פונם ״העובד״, פון קק״ל. אין זייער הויז האָט מען ניט נאָר דערצויגן צו ציוניזם דעם צווייטן, נאָר קודם כל זיך אַליין. אזוי האָבן די קינדער פון דער משפחה בערלינסקי אָנגעהויבן איינציקווייז אוועקפאָרן אויף הכשרה אין די קיבוצים אין פּוילן און דערנאָך עולה געווען קיין ארץ ישראל. איינער פון די ברידער בערלינסקי, אריה, איז געווען צווישן די גרינדער פון קיבוץ קלאַסאָווע און פון די ערשטע עולים פון דעם קיבוץ, און ירחמיאל — דער עלטסטער זון (יעצט אין ישראל) — איז געווען פאָרזיצער פון די רעכטע פּועלי ציון און טעטיק אין פיל אנדערע אינסטיטוציעס.

אנשטאַט די אייניקע משפּחות, וועלכע האָבן פאַרלאָזן סאַרני אין יאָר 1915, זענען אָנגעקומען פיל אנדערע משפּחות פון די ארומיקע שטעט און דערפער. אַמערסטן זענען אָנגעקומען יידן פון די געגנטן ווו ס׳זענען פאָרגעקומען שלאַכטן, ארום סטיר און סטאָכאָד. אזוי זענען דאַמאָלס אָנגעקומען ר׳ חיים מענדל קאַסטראַמעצקי, דער געוועזענער ראש־ישיבה אין לודמיר און שפּע־טערדיקער ראש־ישיבה אין סאַרני, די משפּחה צירולניק, פּרייס, אשר און אבא ביק, קויפמאַן, גירשטיין, חזן, רודער א.א., וועלכע זענען טאַקע פאַרבליבן אלס שטענדיקע סאַרנער איינוווינער, האָבן שפּעטער פיל געטאָן פאַר געזעלשאַפט און ציוניזם. זייערע קינדער זענען געווען צווישן די ערשטע חלוצים, און זיי געפינען זיך יעצט מיט אונדז אין ישראל.

די סאַרנער באַפעלקערונג האָט הערצלעך און ברודערלעך אויפגענומען די יידישע פּליטים, זיי איינגעאָרדנט אין וווינונגען און באַזאָרגט זיי מיט קליידער און עסן. ס׳איז געשאַפן געוואָרן א קאָמיטעט פון סאַרנער עסקנים מיטן אָנטייל פון די פּליטים. אין א קורצער צייט שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן אין סאַרני אן אָפּטיילונג פון קיעווער הילפס־קאָמיטעט ״יעקאָפּאָ״ (יעווריייסקי קאָמיטעט פּאָמאָשטשי), אָדער ווי יידן האָבן אים גערופן ״בראָדסקעס קאָמיטעט״. אלס דעלעגאַט פון צענטער איז געווען ה׳ גיטערמאַן, אלס ראיאָן־לייטער פון קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן ה׳ גאָלדין פון טוראָוו, און אלס לייטער פון סאַרנער קאָמיטעט אהרן זאַנדוויס, וועלכער איז

דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין יאָר 1942 אין שטאָט קרעמעניץ. הי״ד.

הגם די פראָנטן זענען געווען גאַנץ נאָענט פון סאַרני, דאָך איז דאָס לעבן געווען כמעט נאָרמאַל: די מיליטערישע מאַכט האָט איינגעאָרדנט אייניקע שפּיטאָלן. די מיליטערישע שטאָט־קאָמענדאַנטור איז געווען אויף דער פּאָליעסיער זייט. די מיליטער־עשאַלאָנען וועלכע זענען דורכגעגאַנגען אין ביידע ריכטונגען האָבן געשאַפן קוואַלן פון פּרנסה, און ס׳זענען ניט געווען קיין פאַלן פון רויבערייען אָדער אנדערע עקסצעסן.

די פראַנט אָפּעראַציעס האָבן ניט געבראַכט קיין שאָדן דער סאַרנער באַפעלקערונג. בלויז איין מאָל, אין זומער 1916, איז אַנגעפלויגן א דייטשער אעראָפּלאַן און האָט אַראָפּגעוואָרפן צוויי באָמבעס, פון וועלכע ס'איז דאַן אומגעקומען ה' ווינער און זיין פרוי איז שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרן. פון דער צווייטער באָמבע, וועלכע איז געפאַלן ניט ווייט פון דער סטאַלינער שול, איז דערהרגעט געוואָרן א יינגל, אברהם'על'ע טכאַר.

אזוי האָט זיך די לאַגע געצויגן ביז דער ערשטער רעוואָלוציע — קערענסקיס רעוואָלוציע.

## פון קערענסקיס רעוואלוציע ביז דער אקטאבער רעוואלוציע

די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע איז אָנגעקומען קיין סאַרני מיט 2—3 טעג שפּעטער, ווייל ווי געוועגלעך זענען אין די פּאָר טעג די צייטונגען ניט דערשינען, און די מאַכט־אָרגאַנען — מיט דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע בראש — האָבן געהאַפט אז ס'וועט אלעס זיך אָפּשפּילן ווי אין יאָר 1905. זיי האָבן געהאַלטן שטרענג די אָרדנונג אין שטאָט, מ'האָט אָבער געשפּירט אז די לאַגע איז עפּעס ניט ווי שטענדיק. ביז אין א שיינעם טאָג זענען אָנגעקומען רעוואָלוציאָנערע גוט־באַגלייבטע מיליטער אָפּטיילונגען, האָבן אַראָפּגעזעצט די צאַרישע פּאָליציי מיט'ן פּריסטאַוו מיעניאַייעוו בראש, די באַן זשאַנדאַרמעריע און אלע אנדערע צאַרישע משרתים, און ס'איז דערקלערט געוואָרן — פרייהייט.

מ'האָט דאַן טאַקע געגלויבט באמונה שלמה, אז ס'איז געקומען א ישועה אויף דער רוסישער באַפעלקערונג בכלל און אויף יידן בפרט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן מיטינגען און פאַרזאַמלונגען אויפן וואָקזאַל און דערפּאָ און אין די גאַסן. די יידישע באַפעלקערונג האָט געפּראַוועט איר יו"ט אין איר תחום המושב, אין די גאַסן און ארום דער גרויסער שול. ווי געוועגלעך ביי יידן האָט זיך די מחנה געטיילט אין צווי לאַגערן: די מערהייט האָט זיך צונויפגעזאַמעלט אונטער דער ציוניסטישער פאָן, אָנגעפירט דורכן ניי־געוויילטן ציוניסטישן שטאָט־קאָמיטעט, אין וועלכן זענען אריין ה"ה שמואל זינגערמאַן, דוד וואַלאַק, יהושע גלויבערמאַן, ד"ר זעליקין א.א. (פון די ציונים כלליים), און אהרן זאַנדוויס, משה'ל גאַמערמאַן, יהושע ניסמאַן, זאב שור, נחמן וואַשטשינאַ און יחיאל סלוצקי א.א. — פון צעירי־ציון. מיטן געזאַנג פון "התקוה" און די ציון־שבועה האָט די גאַנצע מחנה אוועקמאַרשירט צו דער אלגעמיינער דעמאָנסטראַציע.

פון דער צווייטער גאַס נעבן דער גרויסער שול, די שפּעטער גערופענע אַפּטעטשנאַ גאַס, האָט זיך אָרגאַניזירט א קליינע גרופּע יינגע בעלי־מלאכות, און מיט דעם געזאַנג פון מאַרסעליעזע און בונד שבועה זענען זיי אויך געקומען צום זאַמל־פונקט, און דאָ איז מען געוואָרן איין מחנה.

ס'איז דאַן פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אויפרוף און מאַניפעסט פון דער צייטווייליקער רעגירונג, וועלכע האָט אָנערקענט די גלייכבערעכטיקייט פון אלע רוסישע בירגער אָן אונטערשיד פון ראַסע און גלויבן.

ס'איז טאַקע געווען אומר ועושה, מדבר ומקיים. ס'האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די שטאָטישע מאַכט אָרגאַנען, צייטווייליקע שטאָט און ראַיאָן קאָמיטעט, מיליץ. אלס פאָרזיצער פון שטאָט קאָמיטעט איז געוויילט געוואָרן דער ליבעראַלער קריסט, דער ריכטער קריזיצקי. אונדזער חבר משה בורקא האָט אַמטירט אלס סעקרעטאַר פון סאַרנער פרידנס־געריכט.

אלס מיליץ שעף איז באשטימט געוואָרן דער באַן מאַשיניסט וועטליצקי, און אלס זיין געהילף ה׳ זאב גאָלדמאַן. אלס יידישע מיליציאנטן זענען געווען יעקב גויזנשטיין און אליהו זאמאראטש־ענסקי, און אזוי האָט מען שוין זיי גערופן ביזן סוף פון זייער לעבן: יענקל מיליציאַנער און אליה מיליציאָנער (ס׳זענען געווען נאָך איניקע יידישע מיליציאנטן).

די יידישע מיליציאנטן זענען באַזונדערס איינגעקריצט געוואָרן אין אונדזער זכרון, ווייל ס׳איז געווען פשוט אומגלויבלעך ס׳זאָל געשען אזא משונה׳דיקע ענדערונג אין רוסלאנד: פון דער באַרימטער "אָכראַנקע" און זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט געוואָרפן א פחד באַזונדערס אויף דער יידישער באפעלקערונג — ביזן יידישן מיליציאָנער אליה זאמאראטשענסקי מיט זיין קליינער באָרד, אָבער דאָך א באָרד.

די תקופה פון קערענסקי׳ס רעוואָלוציע איז געווען א ריזיקע, א פרייע. די יידישע באפעלקע־רונג האָט אָנגעהויבן אויפסנייע בויען אירע קולטורעלע און עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס. דאַמאָלס איז געגרינדעט געוואָרן א גרויסער האנדלס קאָאָפּעראַטיוו מיט די ה״ה דוד בירג, שמואל זינגערמאן, ברוך גאַניק, יוסף חרפאק, ניסמאן א.א. בראש. כמעט די גאַנצע יידישע באפעלקערונג האָט געהאַט פייען אינ׳ם קאָאָפּעראַטיוו. דער קאָאָפּעראַטיוו איז שפּעטער ליקווידירט געוואָרן, אָבער א גוטער אָנדענק איז פון אים געבליבן: מיט די פאַרבליבענע געלדער פון דעם קאָאָפּעראַ־טיוו איז געקויפט געוואָרן דער גרויסער בנין פון דער שטאָטישער פּאָליציי מיטן שיינעם גאָרטן און גרויסן פלאַץ. דער בנין האָט געדינט ביזן יאָר 1939 אלס תרבות שולע, און דער צווייטער שטאָק — אלס בית־יתומים אינטערנאַט. אין די יאָרן 1939 ביז 1941, אין דער צייט פון דער סאָוועטישער מאכט, איז די שולע געפירט געוואָרן מיטן זעלבן לערער פערסאָנאַל, נאָר אין יידיש און אוקראַיניש.

ווען די ציטוויליקע רעגירונג האָט פּראָקלאַמירט וואַלן צו דער אלגעמיינער רוסישער גרינדונגס־פארזאמלונג "אוטשרעדיטעלנאַיע סאָבראַניע", האָט זיך צעפלאַקערט דער וואַל־קאַמף.

## וואַלן צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג

חוץ דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און בונד, האָבן איניקע יידן געהערט צו די רוסישע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען: סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס. דער צענטראַל קאָמיטעט פון יעדע פּאַרטיי האָט געשיקט קיין סארני פאַרשטייער צו פירן פּראָפּאַגאַנדע. דער ציוניסטישער ועד עירוני האָט געפירט א גרויסע אויפקלערונגס־ארבעט אין וואָרט און אין שריפט. פון קיעווער קאָמיטעט האָט מען באַקומען פיל דרוק מאַטעריאַל, צייטונגען און בראָשורן, ווי אויך פּרעלעגענטן ידועי שם. די מיטגלידער פון ועד עירוני, און אַמערסטן דאָקטאָר זעליקין, וועלכער איז דאַן געווען אין סארני אלס דאָקטאָר פון די מיליטערישע שפּיטאָלן, פלעגן האלטן פּאַרטראַגן חוצבי להבות. די ערשטע צייט איז געווען ווי אומגלויבלעך צו זען א יידישן מיליטער־דאָקטאָר מיט די ווייסע עפּאָלעטן שטייט אין סארנער בית מדרש אויף דער בימה און רעדט, מערסטן אין דער רוסישער שפּראַך, ציטירנדיק גאַנצע מאמרים פון תנ״ך און תלמוד, און רופט די באפעלקערונג גיין צו די וואַלן, אָרגאַניזירט אונטער דער ציוניסטישער פאָן, און ווילן בלויז די קאַנדידאַטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. צוהילף אים פלעגט קומען דער סטודענט ראַגאַטשעווסקי, וועלכער איז דאַן געווען לערער אין דאַמבראַוויץ. ער איז אויך געווען א טאַלאַנט־פולער רעדנער, געגאַנגען אין דעם סטודענטן־אוניפאָרם און אויך האָט ער גערעדט שווערלעך

ייִדיש, געמישט מערסטן מיט רוסישע ציטאַטן. דאַקעגן זענען געווען ייִדן ווי ר׳ יהושע גלויבער־מאַן א.א., וועלכע האָבן גערעדט אין די שולען שבת פאַר קריאת התורה, מיטן טלית אויף די אַקסלען, אָנווייזנדיק מיט פסוקים און מאמרי חז״ל אויף דער נויטווענדיקייט פון ישוב ארץ ישראל און לימוד השפה העברית.

די ציונים אין סאַרני האָבן דאַן געזיגט, נאָר דער נצחון האָט לאַנג ניט געדויערט. אַלעס איז געווען "כחלום יעוף". די שיינע תקופה האָט געדויערט פון פעברואַר ביז אָקטאָבער 1917, און דאַן איז אויסגעבראָכן די באָלשעוויסטישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

## פון דער אקטאבער רעוואלוציע ביזן יאר 1920

די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן אין די לעצטע טעג פון אָקטאָבער, כמעט אָן בלוט פאַרגיסונג. ערשט נאָכן פּראָקלאַמירן די סאָוועטישע מאַכט האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע וואַקכאַנאַליע און בלוטפאַרגיסונג אין גאַנץ רוסלאַנד, וועלכע האָבן געדויערט ביזן יאָר 1920.

אין אַלע טיילן רוסלאַנד האָבן אייניקע גענעראַלן אָרגאַניזירט אַרמייען און געוואָלט פאַרניכטן די יינגע נאָך ניט גוט אָרגאַניזירטע רויטע אַרמיי און די סאָוועטן־מאַכט. אין סאַרנער געגנט זענען געווען באַוווּסט די צוויי אַרמייען פון פּעטליוראַ און באַלאַכאָוויטש.

### פּאָגראָמען

באַלאַכאָוויטש און זיינע באַנדעס האָבן אָפּערירט אין קאָוועלער געגנט און געשאָכטן ייִדן אומגע־שטערט, נאָר קיין סאַרני זענען זיי ניט דערגאַנגען. דאַקעגן זענען ביי אונדז באַוווּסט געווען די אוקראַאינישע באַנדעס, אָנגעפירט דורך סעמיאָן פּעטליוראַ, וועלכער האָט אויסגעשאָכטן אייניקע הונדערט טויזענט ייִדן, זקנים, נשים וטף, און וועלכער איז שפּעטער אין יאָר 1926 דערשאָסן געוואָרן דורכן ייִדישן העלד שלום שוואַרצבאַרד אין אַ פּאַריזער גאַס.

חוץ די איבנדערמאָנטע באַנדעס פון די אוקראַאינער, זענען פון צייט צו צייט אויפגעשטאַנען אַזוי גערופענע "העלדן", וועלכע האָבן אָרגאַניזירט פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען. אַזעלכע גיבורים זענען אויפגעשטאַנען אין דאָמבראָוויטש. אויסנוצנדיק די לאַגע וואָס דאָרט האָט קוואַרטירט דער שטאַב פון דער דריטער אַרמיי וואָס האָט געהאַט געווער, האָבן זיי באַהערשט דעם געווער און זיך פּראָקלאַמירט אַלס דאָמבראָוויצער רעפּובליק. זיי זענען געקומען קיין סאַרני מיט פיל געווער און אפילו מיט אַ פּאַנצער צוג. אין סאַרני האָט מיט זיי אָנגעפירט אַ געוויסער סאַדאָווסקי און אַ ייִדישער בחור מודאַק.

די באַנדעס האָבן געבושעוועט אין סאַרנער געגנט אָן איבעררייס ביזן זומער פון 1918, ווען דער אוקראַאינישער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי האָט איינגעלאַדן קיין אוקראַאינע די דייטשע אַרמיי. ווען די לעצטע אָפּטיילונגען פון פּעטליוראַס באַנדעס זענען אָפּגעטראָטן פון אוקראַאינע, איז פאָרגעקומען אין סאַרני אַ גרויסער קאַמף צווישן זיי און די דייטשע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן שוין קוואַרטירט אויף דער פּאָליעסיער זייט. אין גרויסן הויז פון ה׳ זאב גייפּמאַן האָט זיך געפינען די קייזערלעכע דייטשע קאָמענדאַנטור. דר קאַמף האָט געדויערט נאָר איין מעת־לעת און האָט זיך פאַרענדיקט מיטן נצחון פון די דייטשע אָפּטיילונגען.

ווען קיין דאָמבראָוויטש זענען אַריין צום ערשטן מאָל אָפּטיילונגען פון פּעטליוראַס מיליטער,

איז זיי אנטקעגן ארויסגעקומען א טייל פון דער יידישער באפעלקערונג מיט ספרי תורה, ברויט און זאלץ, און געבעטן שוץ פאר דער יידישער באפעלקערונג.

די הויפט דעלעגאציע וועלכע איז באשטאנען פון 18 חשובי העיר, און צווישן זיי ה״ה יצחק יונגשטיין, אביגדור הארפאק, יצחק ביציק א.א., זענען ארומגערינגלט געווארן דורך באוואפנ־טע אפטיילונגען פון היידאמאקעס און זיינען אפגעשיקט געווארן אין א פארמאכטן וואגאן קיין סארני. אין סארני איז געווארן א גרויסע מהומה, ווייל מ׳האט געזאגט אז זיי אלע וועלן דערשאסן ווערן אלס נקמה פאר דער געוועזענער דאמבראוויצער רעפובליק.

די חשובי העיר סארני, ווי אויך די קרובים פון די ארעסטירטע, האבן מרעיש עולמות געווען, און אויסנוצנדיק אלע מיטלען צוגעקומען צו די הויפט־אנפירער פון פעטליוראס מיליטער, וועלכע האבן זיך געפונען אין באן־וואגאנעס ביי דער סטאציע, און פאר א גרויסע קאנטריבוציע באפרייט די דאמבראוויצער עסקנים.

ניט קוקנדיק אויף די סכנות וועלכע האבן געדראט אויף יעדן טריט, האבן די ארטיקע עסקנים ניט אויפגעהערט צו דערלאנגן הילף יעדן וועלכער האט זיך דערין גענויטיקט. חוץ די געלט מיטלען, שפייז און מלבושים, וואס זענען צונויפגענומען געווארן ביי דער סארנער באפעלקע־רונג, איז דער קאמיטעט געשטאנען אין פארבינדונג מיט ראוונע, ווו ס׳איז געווען טעטיק דער ״דזשאינט״. איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון הילף קאמיטעט איז געווען דער פארשטארבענער ה׳ אנשל שכנאי (שאכניוק), שפעטער א מיטגליד אין ועד למען החייל אין ישראל.

אין יענע אומרואיקע טעג, ווען די הילף פאר די געליטענע איז געווען זייער דרינגענד און קיין געלט איז אין סארנער ועד ניט געווען, האט מען געדארפט פארן קיין ראוונע צו ברענגען פון דארט א גרויסע סומע געלט. די נסיעה איז געווען פארבונדן מיט גרויסע סכנה. קיין באנען פאר ציווילע רייזנדע איז ניט געווען, ס׳האבן קורסירט נאר לאסט צוגן אין וועלכע מ׳האט איבערגעפירט מיליטער־אפטיילונגען פון היידאמאקעס. מיט זיי זענען אפט מיטגעפארן פויערן פון דער סביבה. יידן האבן מורא געהאט זיך צו באווייזן אין די גאסן, ומכל שכן אויף דער באן סטאציע.

אויף דער זיצונג פונם ועד וועלכע איז דאן פארגעקומען ביי ר׳ דוד בירג אין שטוב, האט ה׳ אנשל שכנאי געזאגט, אז ניט קוקנדיק אויף דער סכנה וויל ער פארן קיין ראוונע. ער האט זיך אנגעטאן אין א שינעל פון א רוסישן סאלדאט און איז אוועקגעפארן. קומענדיק צוריק אין אוונט קיין סארני פארן סעמאפאר, האט ער איינגעהערט די ווילדע געשרייען פון היידאמאקעס וועלכע האבן אים ווארשיינלעך דערקענט אלס ייד. בלית ברירה איז ער אינמיטן לויף פון צוג ארונטערגעשפרונגען, און דורך די וועלדלעך און פינסטערע אונטערגעסלעך האט ער שפעט אין אוונט דערלאנגט זיך צום הויז פון ה׳ בירג, ווו ה׳ בירג, ה׳ שמואל זינגערמאן, ה׳ יצחק לעווין און אנדערע מיטגלידער פון ועד זענען געזעסן און געזארגט פאר זיין גורל. ס׳איז ניט צו באשרייבן די שמחה וואס האט זיי ארומגעכאפט ווען ה׳ שכנאי איז אריין אין שטוב. ער האט ארונטערגענומען דעם שינעל און ארויסגענומען דעם פעקל מיט געלט, וועלכן ס׳האט אים געלונגען מיט מסירת נפש און לעבן סכנה צו ברענגען. יהי זכרו ברוך.

כדאי דא צו דערמאנען איניקע קריסטן, וואס האבן פיל מיטגעהאלפן אין יענער צייט צו מילדערן די נויט און פארקלענערן די שרעק און יסורים.

אין די סעג פון די פּאָגראָמען, ווען די אוקראַיִנישע הײדאַמאַקעס און סיטשעוויקעס האָבן געבושעוועט אין סאַרני אויף זייער צוריקוועג פון קיעוו, האָבן דער אויבן דערמאָנטער ריכטער קריזיצקי און הער קריניצקי צוזאַמען מיט אונדזער חבר משה בורקא איינגעשטעלט דאָס לעבן און זענען אוועק אלס דעלעגאַציע צו אינטערוועניִרן ביי דער מיליטער־מאַכט, וועלכע האָט זיך געפונען ביי דער באַן־סטאַנציע. אין פאַרלויף פון דער אינטערווענץ האָט מען זיי פאָרגעשטעלט פאַרן פּרעמיער מיניסטער פון דער פּעטליורא רעגירונג פּאַרש און קריגס־מיניסטער זשוקאָווסקי. די מיניסטאָרן האָבן געטענה׳ט אַז ס׳איז ניט ריכטיק דאָס זייער מיליטער מאַכט פּאָגראָמען, דאָס טוען פּראָוואָקאַטאָרן פון דער רויטער אַרמיי א.א.וו. דאָך האָבענדיק צוטרוי צו דער דעלעגאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון באַאַמטע מיט די קנעפּ און מונדירן נאָך פון קערענסקי צייט, האָבן זיי באַוויליקט צו שיקן מיליטערישע אָפּטיילונגען צו שטילן די אומרוען.

די אָפּטיילונג איז ווירקלעך געשיקט געוואָרן און האָט צעטריבן אייניקע באַנדעס, נאָר דאָס איז געווען בלויז א קורצע באַרואיקונג, און די רויבעריי האָט זיך ווידער באַנייט.

כדאי אויך צו דערמאַנען דעם קריסט גאָסודאַרענקאַ, וועלכער האָט אין יענער צייט אַמטירט אלס שטאָט בעל־בית, ״גאָראָדסקאַי האַלאָוואַ״. מיט זיין הילף און באַשטעטיקונג איז דאַן אָרגאַניזירט געוואָרן די יידישע זעלבסט־שוץ, ״סאַמאָאָבאָראָנאַ״. די זעלבסט־שוץ איז דאַן באַשטאַנען פון פיל בחורים און יינגעלייט, וועלכע האָבן באַקומען דורך דעם אויבנדערמאָנטן גאָסודאַרענקא אייניקע ביקסן. מיט די ביקסן פלעגן זיך בייטן אַלע וואַרטעס, וועלכע פלעגן אַרויס איבער דער גאַנצער שטאָט. די הויפּט וואַרטע איז דאַן געווען ביי פישל ליבערמאַן אויף דער מאָנאָפּאָלנער גאַס. די צוזאַמענטרעף־פּונקטן זענען געווען: די סטאַלינער און בערעזנער שולן. אין איינעם פון די נאַכט פּאַטראָלן אין וועלכן ס׳האָבן אָנטייל גענומען חיים פּערלשטיין, פּנחס זשוק, יצחק וואַלק (איציק פּיניעס), יונה גליק און איך, האָבן מיר געכאַפּט עטלעכע דאָרפישע שקצים מיט גערויבטע זאַכן. מיר האָבן זיי געבראַכט אין שול, אַוועקגענומען די זאַכן, זיי גוטע קלעפּ געגעבן און אָפּגעלאָזן, ווייל איבערגעבן איז ניט געווען צו וועמען — די שומרי החוק והסדר זענען געווען ערגערע גזלנים.

אין יענער נאַכט איז דערהרג׳עט געוואָרן אויפן סאַרנער בריק יהושע העשל זאַלצמאַנ׳ס זון און נאָך א בחור, א פּריזירער, מיכל שוואַרצטוך, דער זון פון דוד־משה, וועלכן מ׳האָט אַרויסגענומען פון שטוב און געפירט צום ״גענעראַל סאָסנאָווסקי״. אויפן וועג האָט מען אים מיט באַיאָנעטן דערשטאָכן. ״גענעראַל סאָסנאָווסקי״ האָבן זיי גערופן דעם סאָסנאָוון וואַלד אויף דער פּאָליעסיער זייט, וווּהין זיי האָבן געפירט זייערע קרבנות.

די זעלבע נאַכט זענען דערמאָרדעט געוואָרן פיל דורכרייזנדע יידן, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל אין סאַרני אלס קדושים בני בלי שם.

## פלעקן־טיפוס מגיפה

חוץ די פּאָגראָמען וועלכע האָבן אומגעבראַכט פיל יידן פון סאַרני, האָט געבושעוועט אין שטאָט און אומגעגענט א שווערע מגפה פון פלעקן־טיפוס, פון וועלכער ס׳זענען אומגעקומען פיל מענטשן. פּשוט, אין בית אשר אין שם מת. ס׳זענען מיר לײדער פאַרבליבן אין זכרון נאָר אייניקע פון זיי: דער שטאָט־רב ר׳ מתתיהו קאַבאַטשניק, האדמו״ר ר׳ יוסף פּעטשניק (בן האדמו״ר ר׳ שמואל׳קה פון בערעזנע), ר׳ שמחה גליניִענסקי, ר׳ יהושע העשל ייבין, ר׳ שמואל יוסף

קאטעלטשוק, ר׳ אהרן בערעזאוויטש, ר׳ מרדכי זאנדוויים, ר׳ אריה עטשטיין, ר׳ פישל ליבער־מאן א.א.

צום גוטן זאָלן דערמאָנט ווערן די מיטגלידער פון דער חברה קדישא און חברה נושאים, וועלכע, ניט קוקענדיק אויף די סכנת נפשות וואָס האָט געדראָט אויף יעדן שריט און טריט, האָבן ווירדיק דערפילט די מצוה פון חסד של אמת און האָבן געבראכט צו קבר ישראל אלע קדושים, וועלכע מ׳האָט געבראכט פון די נאָענטע דערפער און וועלכע מ׳האָט געפונען אין די וועגן. צו דער חברה האָבן געהערט ר׳ פנחס וואלק און זיין אלטער פאָטער ר׳ יצחק אהרן, ר׳ יצחק זאמאראצענס־קי, ר׳ זאב גייפמאן, ר׳ אָשר גייפמאן, ר׳ שמואל גייפמאן, ר׳ יהודה לאנגער, די ברידער ר׳ מענדל און ר׳ זאב פאבריקאנט, ר׳ ישעיהו קויפמאן א.א. און אחרון אחרון — דער קברות־מאן מנשה פיוואוואז.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן צום גוטן דער דאָקטאָר איזראעליט, וועלכער אין דאן געבליבן אין סארני פון זיין מיליטער דינסט און האָט מיט כבוד דערפילט זיין ווירדיקע מיסיע אלס איינציקער יידישער דאָקטאָר אין שטאָט. ער איז אָן פחד געקומען צו אלע קראַנקע, בייטאָג און ביינאכט, ניט קוקנדיק אויף די סכנות וואָס האָבן דאן געלויערט און ניט על מנת לקבל פרס. דער נאָבעלער ייד און ציוניסט איז אויך געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן שפּעטער עולה געווען קיין א״י.

אויך דאָ אין ארץ ישראל האָט ער ווירדיק דערפילט זיין הייליקע מיסיע צו געבן מעדיצינישע הילף אלע נויט באדערפטיקע אָן אונטערשיד פון ראסע און נאציאָנאליטעט. ער איז געפאלן ביי זיין עבודת הקודש אין יאָר 1929 אין באר־טוביה. בעת ער האָט געגעבן מעדיצינישע הילף קראנקע אראבער איז ער דערמאָרדעט געוואָרן דורך אראבישע מערדער.

## דייטשע מיליטער אין סארני אין די יאָרן 1918—1919

שווער צו גלויבן אז די דייטשן, וועלכע האָבן אין דעם יאָר 1919/18 געהאָלפן די אוקראינער יידן און געראטעוועט זיי פון שרעק און פון טויט דורך די אוקראינישע פּאָגראָמשטשיקעס, זענען שפּעטער אליין געוואָרן מערדער, און זיי אָדער זייערע קינדער האָבן אין יאָר 1942 אויסגעמאָרדעט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, עוללים ויונקים, אָן רחמנות.

ווי ס׳איז שוין דערמאָנט, איז אין יאָר 1918 גאנץ אוקראינע געוואָרן אָקופּירט דורך דער דייטשער ארמיי, און פארשטייט זיך אויך סארני. די לאגע האָט זיך געביטן צום גוטן אויף אלע געביטן: רו און אָרדנונג האָבן געהערשט אויף אלע ערטער, אין שטאָט און דאָרף און אויף אלע וועגן. אלע יידישע אינסטיטוציעס האָבן פונדאַסניי אנטוויקלט זייער טעטיקייט אויפן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און סאָציאלן געביט. פרנסה איז געווען בשפע, ווייל די דייטשע אָקופּאַנטן, חוץ וואָס זיי האָבן פיל געברויכט פאר זייער ארמיי אין אוקראינע, האָבן זיי פיל סחורות און תבואות ארויסגעשיקט קיין דייטשלאנד, און יידן האָבן ביי דעם געהאט פרנסה. אין דער תקופה זענען זאָגאר אויפגעבויט געוואָרן אייניקע הייזער און אינסטיטוציעס, צווישן זיי די קופּיעצקע שול. א טייל מתפללים פון דער סטאלינער שול האָט זיך אָפּגעטיילט און זיך אויסגעבויט א שיינע שול. די הויפּט איניציאַטאָרן זענען געווען ה״ה יוסף חארפאק און נחום פערלשטיין, וועלכע זענען אויך געווען די שטענדיקע גבאים פון דער שול ביז ה׳ יוסף חארפאק איז אָפּגעפאָרן אין יאָר 1936 קיין א״י און איז דאָ געשטאָרבן אין יאָר 1950.

אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1919 האָט די ניי געגרינדעטע פוילישע ארמיי אָנגעהויבן באַפאַלן די דייטשע צוגן און באַפרייען די שטחים פון די דייטשע אָקופּאַנטן. אויך די רויטע ארמיי האָט זיך געשטאַרקט און נאָכן באַפרייען אייניקע שטחים אין אוקראַינע, האָט זי זיך אלס מער דער־נענטערט צו סאַרני. אלס רעזולטאַט פון די קאַמפן מיט ביידע ארמייען, האָט די דייטשע ארמיי פאַרלאָזן אוקראַינע און אויך סאַרני, און ס׳זענען געבליבן פנים אל פנים די ארמייען פון דער ניי אויפגעשטאַנענער פוילן און די יונגע רויטע ארמיי. די קאַמפן אויף דער טעריטאָריע פון וואָלין האָבן געדויערט א לענגערע צייט. אין חודש תמוז תרע״ט איז סאַרני צום ערשטן מאָל פאַר־נומען געוואָרן דורך דער פוילישער ארמיי, וועלכע האָט פאַרטריבן די רויטע ארמיי ביז קיעוו. די נצחונות זענען אָבער ניט איינגעהאַלטן געוואָרן. אין א צייט שפּעטער האָט די רויטע ארמיי ווידער זיך פאַרשטאַרקט און אָפּגעטריבן די פוילישע ארמיי ביז פּראַגע (פאָרשטאָט פון וואַרשע). אזוי האָט זיך די מאכט יעדעס מאָל געביטן, און די יידישע באַפעלקערונג אין סאַרני האָט פיל געליטן.

אריינקומענדיק קיין סאַרני האָבן די פּאָליאַקן געכאַפּט אינמיטן גאַס פיל יידן. אייניקע זענען אפילו ארויסגעצויגן געוואָרן פון די בעטן אינמיטן דער נאכט. מ׳האָט זיי אלע פאַרשלעפּט אין דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט קוואַרטירט אין מויער פון קריסט וואַראַנין אויף דער קופּיעצקע גאַס, דאָרט אָפּגעשניטן זיי די באָרד און פאות און זיי מערדערלעך געשלאָגן. נאָך א 10 טעג פון עינויים זענען זיי אלע אָפּגעשיקט געוואָרן אין א קאָנצענטראַציע־לאַגער אין וואַדאָוויצע נעבן קראָקאָוו. צווישן די געשלאָגענע און ארויסגעשיקטע זענען געווען מיין פאָטער ר׳ צדוק, איך — דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, יצחק נאַבאָזשני, יחיאל גרינבערג, משה בן אליעזר פּיקמאַן פון דאָמבראָוויץ, בארמאַן, אליעזר שפּירא, זאב גאָלדמאַן, שמעיה שטיינוואָרצלס זון, טאָכ־טער און זיין שוועסטער און נאָך פיל אנדערע. שמעיה שטיינוואָרצלען האָט זיך איינגעגעבן באַצאָלן א גרויסע סומע געלט אין קאָוולער טורמע, ווו מיר זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויף א צוויי וואָכן, און זיינע קינדער, די שוועסטער ווי אויך זאב גאָלדמאַן זענען באַפרייט געוואָרן פון קאָוועל.

א צווייט מאָנאַטן שפּעטער, ווען ס׳איז איינגעשטעלט געוואָרן די ציווילע מאכט און אלס סטאַ־ראָסטא איז באַשטימט געוואָרן דער פּוילישער אדוואָקאַט ווישניעווסקי, זענען באַלד ארויס־געשיקט געוואָרן אָנווייזונגען אונדז אלע צו באַפרייען.

פון וואַדאָוויצע האָט זיך שוין מיין פאָטער ניט צוריקגעקערט און אין לאַגער־שפּיטאָל האָט ער אויסגעהויכט זיין כשרע נשמה. א פּאָר יאָר שפּעטער איז געשטאָרבן משה פּיקמאַן. יצחק נאַבאָזשני, וועלכער איז געווען פיל יאָר א אינוואַליד, נאָך די שווערע קלעפּ וואָס ער האָט באַ־קומען, איז שטענדיק ארומגעגאַנגען ווי א לעבעדיקער מת, און נאָך פיל יאָרן מאַטערניש איז ער געשטאָרבן. אויך יחיאל גרינבערג האָט זיין גאַנצן לעבן געהינקט אויף א פוס פון די קלעפּ וועלכע ער האָט באַקומען.

דאָס איז געווען די ״שיינע טעטיקייט״ פון דער ערשטער פוילישער באַפרייענדער ארמיי. באַ־זונדערס מערדעריש האָבן אויסגעפירט די מלאכה די אָפּטיילונגען פון גענעראַל יוזעף האַלער, אָדער ווי מ׳האָט זיי גערופן די ״האַלערטשיקעס״. דאָס האָט פּאַסירט אומגעפער אין דער צייט ווען מ׳האָט די יידישע קעמפער פאַר פוילענס באַפרייאונג ארויסגעצויגן פון די פוילישע פּאָלקן און זיי אינטערנירט אין יאַבלאָננע. אין דערזעלבער תקופה איז געוואָרן פאַרמשפּט צום טויט דער

פלאָצקער רב שפּירא צוליב א בלבול, אז בשעת ער האָט מקדש געווען די לבנה אויף זיין באלקאָן האָט ער געגעבן אָנווייזונגען און סימנים דער רויטער ארמיי. אין דער צייט זענען אין פּינסק ארויסגעפירט געוואָרן 66 שטאָט עסקנים פון א זיצונג, וועלכע איז געווען געווידמעט פראגן פון הילף פאר די פּינסקער נויטבאדערפטיקע, און יעדער צווייטער פון זיי, לויט דער ריי, איז דער־שאָסן געוואָרן אינמיטן שטאָט ביי דער "הייליקער וואנט" פון דער פּוילישער קירכע.

פיל צרות האָבן די פּוילישע „העלדן" אָנגעטאָן דער יידישער באפעלקערונג. דאקעגן איז צו פארצייכענען אז די באציונג צו יידן מצד די מיליטער־אָפּטיילונגען פון דער רויטער ארמיי איז תמיד געווען א באפרידנדיקע. ווען ס'איז געשען אמאָל א פאל דאָס א זעלנער אָדער א גרופּע זעלנער האָבן מיט געוואלט צוגענומען סחורות, ניט באצאָלנדיק, אָדער אנדערע געוואלט־טאטן, זענען די שולדיקע געשטעלט געוואָרן צום געריכט פון „רעוו־וואָיען־טריבונאל" (רעוואָלוציאָנערער קריג־טריבונאל), און האָבן באקומען גרויסע שטראָפן. די זיצונגען פון טריבונאל זענען געווען עפענטלעכע און זענען פאָרגעקומען אָפט אין דער הילצערנער געביידע פון פאליעסער קינאָ־טעאטער, וועלכער האָט געהערט צו מענדל גארנשטיין. (ה' גארנשטיין איז נפטר געוואָרן אין חיפה, ווו ער האָט געוווינט א צוואנציק יאָר, אין טיפן עלטער פון קרוב צו 90 יאָר).

די לאגע אויף די פראָנטן האָט זיך אָפט געביטן לטובת דער אָדער צווייטער ארמיי, און יעדעס מאָל האָט די שטאָטישע באפעלקערונג געליטן ברכוש ובנפש. ווען די רויטע ארמיי איז צולעצט ארויס פון סארני, האָט זי אויפגעריסן ביידע בריקן, פארברענט דעם וואקזאל מיטן דעפּאָ און אויך די צוויי גרויסע יידישע הייזער אויף דער פאלעסיער זייט: דעם גרויסן האָטעל פון ה' זאב גייפמאן, און די דריי־שטאָקיקע הויז פון דעם אדוואקאט בעקער.

## אונטער דער פּוילישער הערשאפט 1920-1939

נאָכן אָפּשטעלן די קאמפן צווישן סאָוויעט רוסלאנד און פּוילן, איז די פּוילישע מאכט ענערגיש צוגעטראָטן איינצושטעלן רו און אָרדנונג אין לאנד. זי האָט אָנגעהויבן אויפבויען אלע צע־שטערטע באן־סטאציעס, בריקן, שאָסייען, באפעסטיקן אירע גרעניצן, בויען און פארברייטערן איר האנדל און אינדוסטריע אין גאנצן לאנד און אויך אין סארנער קרייז. דעם סארנער פּאוויאט, וואָס האָט געגרענעצט ביי דער באן־סטאציע אסטקי מיט רוסלאנד, האָט די פּוילישע מאכט געווידמעט א באזונדער אויפמערקזאמקייט. היות די באפעלקערונג איז בעיקר באשטאנען פון אוקראַינער און יידן, האָט די פּוילישע מאכט אָנגעהויבן באזעצן ביי די גרענעצן פּאָליאקן, געוועזענע מיליטער לייט פון דער פּוילישער ארמיי, לעגיאָנערן און סטשעלצעס. ביי אונדז האָט מען זיי אלע גערופן "אסאדניקעס". גלייכצייטיק האָבן זיי אראָפּגעבראכט א גאנצן שטאב פון באאמטע, וועלכע האָבן באזעצט אלע מלוכה־אינסטיטוציעס פון גאנצן פּאוויאט: די סטאראסטווא, באן, פּאָסט און פּאָליציי, ווי אויך די מוניציפּאלע פארוואלטונגען פון די שטעט און דערפער.

מ'דארף פעסטשטעלן אז אין א קורצע צייט זענען זיי ארויף אויפן דרך־המלך, און פון טאָג צו טאָג האָט אָנגעהויבן אונדזער שטאָט סארני און איר געגנט צו פּראָגרעסירן אויף אלע געביטן. סארני האָט באקומען אן אויסערלעכן מער מאָדערנעם אויסזען. ס'זענען אויסגעבויט געוואָרן שולן און א גימנאזיע, ספּאָרט־פּלעצער און סקווערן, קינאָ און טעאטער, ביבליאָטעקן און אנדערע קולטור־אינסטיטוציעס. ס'זענען געגרינדעט געוואָרן בענק און קרעדיט־אינסטיטוציעס פאר

סוחרים, קליינהענדלער, האנטוועקער. ס'איז געבויט געוואָרן אַ שפּיטאָל און אַ ריי אַמבו־לאַטאָריומס און ס'זענען ברוקירט געוואָרן די גאַסן.

דער מסחר האָט אָנגעהויבן גוט פּראָספּערירן און אַלע פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע פּאַר־טייען און אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגעהויבן לעגאַל אַרבעטן (חוץ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וועלכע איז געווען אין פּוילן אומלעגאַל). אונדזערע עסקנים האָבן ענערגיש, מיט טריישאַפט און אָפּפערוויליקייט, אָנגעהויבן בויען אונדזערע אַנשטאַלטן, חברות און סאָציאַל פאַרזאָרגונגס אינס־טיטוציעס.

## עקאָנאָמישע אַנשטאַלטן

אם אין קמח אין תורה — וועל איך זיך קודם אָפּשטעלן אויף די אַנשטאַלטן פון עקאָנאָמישן כאַראַקטער.

אַלע שיכטן האָבן זיך אָרגאַניזירט אין באַזונדערע פאַריינען און קרעדיט אַנשטאַלטן. דער קליינהענדלער פאַריין (בראש מיט ה"ה נח פערלשטיין, אהרן ראָזענבערג, יצחק צודיק, אלתר לאַנגער, אָשר גאַניק, אלתר פּרימאַק א.א.), צוזאַמען מיטן האַנטווערקער פאַריין (בראש מיט יעקב בריק, אלתר פאַסמאַן, מענדל לאופער, יעקב קליעס, יעקב מוראַבינסקי, אָשר שניידער, נחמן קויפמאַן, יונה בעזנאַס א.א.), און מיט דער אַקטיווער אונטערשטיצונג פון די עסקנים פון די ציוניסטישע אַרבעטער פּאַרטייען, פּועלי־ציון און צעירי־ציון (ד"ר זשיטניצקי, ד"ר יונה גליק, ירחמיאל בערלינסקי, אברהם טורקעניץ, גדליה ליפשיץ, ש. זאַנדוויס א.א.) — האָבן גע־גרינדעט אַ באַנק אין הויז פון ה' יעקב בריק. דער באַנק האָט ערטיילט הלוואות פאַר די מיטגלידער פון די אויבן דערמאָנטע פאַריינען און האָט דורכגעפירט אַלע זייערע האַנדלס אָפּעראַציעס.

דער באַנק איז געווען פאַרבונדן מיט די צענטראַלעס פון די צוויי פאַריינען אין וואַרשע. אין די ערשטע יאָרן פון דער באַנק־טעטיקייט זענען די בוכהאַלטערן געווען ישעיהו צימערמאַן און שפּעטער משה קאַלאַדני (וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען אין חיפה). יעדן יאָר זענען פאַר־געקומען אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, ווו ס'זענען אָפּגעגעבן געוואָרן באַריכטן פון דעם ראַט און פאַרוואַלטונג, רעוויזיאָנס קאָמיסיע און רעוויזיאָנס פאַרבאַנד. צו דעם צוועק האָט אייניקע מאָל באַזוכט סאַרני דער רעוויזאָר פונם פאַרבאַנד, דער יעצט באַוווּסטער זשורנאַליסט און וועלט־רייזנדער ה' חיים שאָשקעס.

דער באַנק האָט געפירט זיין פאַרצווייגטע טעטיקייט פון יאָר 1922 ביז צו די יאָרן 1935/36, ווען ער איז געשלאָסן געוואָרן. אין פּוילן האָט שוין דאַמאָלס אָנגעהויבן בושעווען דער אַנטיסע־מיטיזם און ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער פּוילישער באַנק פון באַאַמטע.

צוגלייך מיט דעם באַנק איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער הילף פון „דזשאָינט" אַ „גמילות חסדים קאַסע", וועלכע האָט זיך ניט פאַרנומען מיט קיין האַנדלס־טראַנזאַקציעס, נאָר בלויז מיט טיילן גמילות חסדים פאַר אומפאַרמעגלעכע קליינהענדלער און האַנטווערקער. די ערשטע יאָרן האָט דער "דזשאָינט" אפילו צוגעשיקט ניי־מאַשינען פאַר ביליקע פּרייזן אויף אויסצאָלן אין קליינע ראַטעס. דאָס איז באמת געווען אַ גרויסע הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע בעלי מלאכות.

צו דעם סכום געלט וואָס דער „דזשאָינט" האָט צוגעשיקט, האָט מען געדאַרפט שאַפן אומגע־פער אַזאַ סכום ביי די סאַרנער איינוווינער. צו דעם צוועק האָבן געשפּענדעט גרעסערע סכומים

ה״ה מנדל לאופער און חיים גליק, וועלכע האָבן זיך איבערגעגבן דער גמילות חסדים קאסע בלב ונפש. אנדערע איינוווינער פון סארני האָבן בייגעטראָגן קלענערע סכומים און די קאסע האָט געארבעט אָן איבערייס פון יאָר 1922/23 ביז לעצטן טאָג פון דער פוילישער הערשאפט אין שטאָט — ביז סעפטעמבער 1939.

צווישן די אקטיווע און איבערגעגעבענע פארוואלטונג־מיטגלידער פון דער קאסע, חוץ די אויבן־דערמאָנטע ה״ה לאופער און גליק, זענען געווען ה״ה אָשר גייפמאַן, נח פערלשטיין, אהרן ראָזנבערג, אלתר לאנגער, יצחק צודיק, נחמן קויפמאַן, אָשר שניידער און יונה בזענאס. די גאנצע צייט פון איר עקזיסטענץ איז דער בוכהאלטער געווען הערשל זוליאר.

אין יאָר 1925 איז געגרינדעט געוואָרן דורך סארנער סוחרים נאָך א באנק אונטערן נאָמען: באנק פאר האנדל און אינדוסטרי. דער באנק האָט אמטירט אין הויז פון הרב קונדא. די הויפט איניציאַטאָרן און גרינדער פון באנק זענען געווען ה״ה ברוך שמחה ראָזנבערג, מענדל זינדעל, אלימלך ליפשיץ. זיי און וואָלף גאָלדמאַן זענען אויך געווען די פאקטישע דירעקטאָרן פון דעם באנק, ווייל חוץ דאָס געלט וועלכע איז אינוועסטירט געוואָרן דורך די באנק־מיטגלידער און דורך דער צענטראלע פון די סוחרים און אינדוסטריעלער, האָבן די אויבן דערמאָנטע מיטגלי־דער אינוועסטירט אין דעם באנק אויך זייער פריוואטע געלט.

אין דער פארוואלטונג און ראט האָבן אָנטיילגענומען ה״ה בנימין קאנטאראָוויטש, יצחק לעווין, יוסף מרגלית, יוסף חארפאק א.א. שפעטער איז אויך צוגעטראָטן צו דער באנק ה׳ יעקב קאָלאָדני, וועלכער האָט געפירט מיט אייניקע שותפים א פריוואטן באנק אין הויז פון ה׳ קלמן פעלד. צוליב דיזעלבע סיבות, וועלכע האָבן געברענגט צו דער ליקווידירונג פון קליינהענדלער באנק, איז אויך דער באנק ליקווידירט געוואָרן אין יאָר 1932/33. בוכהאלטער פון באנק איז געווען ה׳ ברוך קוויעטני און זיין פארטרעטער ה׳ שלמה מוריק. אזוי איז אין די לעצטע יאָרן געבליבן אויפן פלאץ בלויז איין פוילישער באנק „קאָמונאלנא קאסא אשצענדנאשטשי״ אונטער דער לייטונג פון געוועזענעם געהילף נאָטאריוס און שפעטערדיקן בירגערמייסטער זשיעס־ניוועצקי. דער באנק האָט זיך געפונען אין נייעם מויער פון די ברידער וויענזאווסקי אויף דער צענטראלער גאס.

פון די יידישע פאָרשטייער אין דעם באנק געדענק איך בלויז דריי, וועלכע האָבן זיך באטיי־ליקט אין די זיצונגען ביים ערטיילן קרעדיטן. דאָס זענען געווען ה״ה יוסף בארזאם, יוסף חארפאק און מענדל זינדעל.

די דריי פאריינען האָבן זיך באשעפטיקט ניט בלויז מיט די קרעדיט־אנשטאלטן פאר זייערע מיטגלידער. די עיקר דאגה זייערע איז געווען צו רעפרעזענטירן און פארטיידיקן די אינטערעסן פון די סוחרים, קליינהענדלער און האנטווערקער ביי די מלוכה׳שע פינאנץ־אמטן און האנדלס־קאמערן, זיצן אין די שאצונג־קאָמיסיעס פון די מלוכה׳שע און קאָמונאלע שטייער־אמטן, שטיין אין פארבינדונג מיט די צענטראלעס אין ווארשע, און זיי אליארמירן בשעת הצורך. דאָס איז געווען זייער אָפט, ווייל ס׳האָבן אָנגעהויבן דערשיינען נייע פאראָרדנונגען, וועלכע זענען געווען ספע־ציעל געווענדעט קעגן יידישן הענדלער און האנטווערקער. למשל, עקזאמענס פאר בעלי־מלאכה און טשעלאדניקעס, ארבעטס ווארשטאטן, האנדל־פאטענטן, מארק־פלעצער א.א.

אין די שטייער־אמטן ביי די שאצונג קאָמיסיעס זענען געווען טעטיק ה״ה יעקב בריק, אהרן ראָזנבערג, אָשר גאניק, מענדל זינדל, אלימלך ליפשיץ, וואָלף גאָלדמאַן א.א. אין נאָמען פון

דער צענטראַלע פון די קליינהענדלער פאַריינען פלעגט אָפט באַזוכן סאַרני אונדזער חבר און בן־עיר משה בורקאַ, וועלכער האָט שוין דאַן געוווינט אין וואַרשע, און אַלס דירעקטאָר פון דער צענטראַלע פון דעם קליינהענדלער פאַרבאַנד איז ער אויך געווען ראַטמאַן פון דער ״איזבאַ האַנדלאָוואַ־פּשעמיסלאָוואַ״ אין לובלין, וועלכע האָט אַרומגענומען די גאַנצע לובלינער און וואָלי־נער וואָיעוואָדשאַפט, ובתוכם אויך סאַרני. חוץ דעם האָבן זיך די פאָרזיצער פון די צוויי פאַ־ריינען, ה״ה יעקב בריק און אהרן ראָזנבערג, פאַרנומען מיט שתדלנות ביי דער פּאָליציי־מאַכט. ווען די שתדלנות האָט אויפגעהערט צו ווירקן איז מען פּשוט איבערגעגאַנגען צום בעסטן און ווירקזאַמסטן מיטל: „כסף וזהב...״. אַזוי איז איינגעפירט געוואָרן אַז דער שטאָט־קאָמענדאַנט פון דעם פּאָליציי „פּאָסטערונעק״ האָט אָנגעהויבן באַקומען אַ סטאַבילן חודש־געהאַלט פון די צוויי פאַריינען, דורך די צוויי עסקנים ה״ה יעקב בריק און אהרן ראָזנבערג.

## די שטאָט־פאַרוואַלטונג

די פּראָספּערירונג פון שטאָט, איר פאַרברייטערונג און פאַרשענערונג זענען געווען צו פאַר־דאַנקען דער שטאָטפאַרוואַלטונג, דעם בירגערמייסטער און די יידישע מיטגלידער פון ראַט און פאַרוואַלטונג. פונם ערשטן טאָג פון דער עפענונג פונם מאַגיסטראַט, אין יאָר 1920, ביזן לעצטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ אין 1939, האָבן שטענדיק אַמטירט אַ יידישער פאָרשטייער אַלס וויצע־בירגערמייסטער און צוויי יידישע לאַווניקעס. וויצע־בירגערמייסטער אין די ערשטע יאָרן איז געווען ה׳ דוד בירג, דער אָנגעזעענער סוחר און משכיל. ער האָט געקענט עברית און בכלל געווען אַ גרויסער למדן, פאָרזיצער פון מזרחי, און שפּעטער פאָרזיצער פון קהילה־ראַט. דעמ־זעלבן אַמט האָט נאָכדעם דערפילט אַ סך יאָרן ה׳ יוסף באַרזאַם — דער אייגנטימער פון גרעסטן אַפּטייק אין שטאָט, אַ ווירדיקער ייד, אַ משכיל און אַריסטאָקראַט, פאָרזיצער פון בית־יתומים און מיטגליד פון אַ ריי אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס.

לאַווניקעס זענען געווען אין די ערשטע יאָרן ה״ה אלתר פאַסמאַן און מילשטיין, און שפּע־טער — אויפן אָרט פון פאַרשטאָרבענעם ה׳ מילשטיין — ה׳ יצחק לעווין, אייגנטימער פון אַן אַפּטייק־סקלאַד, אַ ווירדיקער ייד און געטרייער ציוניסטישער עסקן. נאָכן אָפּפאָר פון ה׳ לעווין קיין א״י איז פאַרבליבן דער איינציקער לאַווניק ה׳ א. פאַסמאַן.

ה׳ פאַסמאַן, אַ פעיקער און קלוגער ייד, זייער אַ טיכטיקער, איז געווען באַליבט ביי דער באַפעלקערונג און האָט דערפילט זיין אויפגאַבע ביזן לעצטן טאָג פון שליסן דעם מאַגיסטראַט דורך דער אָנקומענדער סאָוועטישער מאַכט.

חוץ די אויבן־דערמאָנטע מיטגלידער פון פאַרוואַלטונג זענען איניקע יידן געווען געוויילט אַלס מיטגלידער פון ראַט (ה״ה מענדל זינדל, אהרן ראָזנבערג, אלתר פּרימאַק, וו. גאָלדמאַן א.א.). איניקע יידן פון סאַרני און סביבה זענען אויך געוויילט געוואָרן אַלס מיטגלידער פון ראַט ביי דעם קרייז־סיימיק, „ווידזשיאַל פּאָוויאַטאָווי״ אָדער „סיימיק פּאָוויאַטאָווי״. אין דער אינסטיטוציע איז די השפּעה פון יידן געווען גאָר אַ קליינע און געטראָגן בלויז אַ רעפּרעזענטאַטיוון כאַראַקטער.
דערמאָנענדיק דעם מאַגיסטראַט און שטאָט־ראַט נעמט אונדז אַלעמען אָן אַ ווייטיק, ווייל דאָרט האָט דאַן געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר דער נידערטרעכטיקער מענטשענפרעסער, די חיה בצורת אדם, קאַזיק קאַסטרון, ימח שמו וזכרו. ער האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער דערמאָרדונג פון

אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער (דורך אן אורטייל פון פוילישן שטאנד־געריכט איז ער שפעטער אויפגעהאַנגען געוואָרן אין לובלין).

## קולטור און דערציונג

אויפן קולטורעלן און דערציערישן געביט האָט זיך די לאגע געביטן מן הקצה אל הקצה. ס׳זענען ווי מיטאמאָל פארשוואונדן אלע „חדרים״ פון אלע מלמדים, די קינדער האָבן אויפגעהערט שפילן אין „וואגע״ און „פיקהאָלץ״. ס׳האָבן זיך אויסגעבויט א ריי פאָלקשולן, פאכשולן, גימ־נאזיע, ביבליאָטעקן, יוגנט אָרגאניזאציעס און ספאָרט־קלובן, דראמאטישע סעקציעס. חוץ דער פוילישער גימנאזיע אויף דער פאָלעסיער זייט זענען אין סארני געווען פאָלגענדע שולן:

(1) א ״תרבות״־שולע.

(2) א יידישע פאכשולע פון ״אָרט״ געזעלשאפט.

(3) א פוילישע גרויסע פאָלקס־שולע („שקאָלא פאָוושעכנאַ״), אין וועלכער ס׳האָבן געלערנט מערסטן טייל קריסטלעכע קיינדער און א קליינע צאָל יידישע.

(4) א פוילישע פאכשולע („שקאָלא זשעמיעסלניטשאַ״), אין וועלכער ס׳האָבן געלערנט אויך איניקע יידישע קינדער.

(5) א ״תלמוד־תורה״ און ״ישיבה״ (וועלכע וועלן דערמאָנט ווערן אין די קומענדיקע קאפיט־לען, ווען ס׳וועלן באהאנדלט ווערן די עניני־דת).

ס׳איז אויך געווען א פריוואטע שולע פון די ערשטע דריי קלאסן, וועלכע האָט געהערט צו ה׳ פורמאן. ה׳ פורמאן איז געווען שטארק באליבט ביי דער סארנער באפעלקערונג. אלע זיינע תלמידים זענען, ענדיקנדיק זיין שולע, אריין אין תרבות שולע (ער איז געשטאָרבן אין ווין אין יאָר 1937).

דער חדר פון ה׳ יוסף נאבאזשני איז אויך מאָדערניזירט און צוגעפאסט געוואָרן צו א פאר־ברייטונג שולע, אדאנק דער מיטהילף פון זיין זון יצחק און זיין טאָכטער צוויטל נאבאזשני, וועלכע זענען שוין דאן געווען גוטע פעדאגאָגן.

ס׳זענען מיר ווייניק באקאנט די פרטים פון דער פוילישער פאכשולע. איך דארף נאָך דערמאָנען די פוילישע גימנאזיע. פיל סארנער בחורים און בחורות האָבן אין איר באקומען מאטורעס און דערנאָך געקאָנט פאָרזעצן זייער בילדונג אין די אוניווערזיטעטן. אדאנק דעם האָבן מיר דאָ אין ישראל איניקע דיפלאָמירטע פאכלייט פון סארני, חוץ יענע וועלכע האָבן באקומען זייער הויכ־בילדונג אדאנק די שולן, מיטל־שולן און סעמינארן פון ״תרבות״.

## תרבות־שולן

די תרבות שולע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920 דורך הסתדרות ״תרבות״ אין פוילן מיט דער מיטהילף פון די ציוניסטישע עסקנים אין שטאָט, בראש פון וועלכע ס׳זענען געשטאנען ה״ה שמואל זינגערמאן, יהושע גלויבערמאן, די ברידער נחמיה און יהושע ניסמאן, דוד בירג, דוד וואלאק, יעקב בריק א.א. דער לערער פערסאָנאל איז געוואָרן באשטימט און באשטעטיקט דורך דער הסתדרות המורים העברים פון פוילן. אלע לימודים זענען געפירט געוואָרן לויטן פראָגראם פון ״הסתדרות תרבות״, און דורך איר קאָנטראָלירט געוואָרן. אויף וויזיטאציעס אין ביה״ס פלעגן קומען פון ווארשע ה״ה שמואל ראָזנהעק, איינשטיין א.א. חוץ דעם פלעגן דער מלוכה׳שער קורא־

טאָריום און זיינע אינספּעקטאָרן אדורכפירן קאָנטראָל און וויזיטאַציעס. די שולע האָט דערצויגן די תלמידים צו ליבע און געטריישאַפט צום יידישן פאָלק, צו חלוציות און אהבת המולדת. אדאנק דער דערציונג איז די חלוצים־עליה פון סארני פאַרהעלטניסמעסיק געווען זייער א גרויסע.

דער בית־הספר איז באשטאנען פון זיבן כיתות (חוץ עטלעכע פאראלעלע כיתות). אין זיין 20־יאָריקער עקזיסטענץ האָבן אין אים טויזנטער תלמידים באקומען זייער בילדונג און דער־ציונג, און זענען דערנאָך געוואָרן געטרייע זין פון יידישן פאָלק, גוטע ציונים און מחנכים פונם יינגן דור. פיל תלמידים וואָס האָבן געענדיקט די תרבות־שולע, האָבן דערנאָך פאָרגעזעצט זייער בילדונג אין אנדערע שטעט, אין סעמינארן און גימנאזיעס.

אויסער אלע לימודים האָבן די תלמידים געלערנט האנטארבעט, זינגען און ספּאָרט. די פאָר־שטעלונגען פון די קינדער האָבן געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון אלע בירגער, באזונדערס די נאציאָנאלע פייערונגען: ל״ג בעומר, חנוכה, פורים. מיט א באזונדער געטריישאפט האָבן די תלמידים זיך פארנומען מיט דער הרקת קופסות קק״ל. די שולע האָט שטענדיק באקומען די בעסטע אויסצייכנונגען פאר ספּאָרט און שיינע איבונגען.

די שיינע דערגרייכונגען זענען געווען צו פארדאנקען די איבערגעגעבענע מנהלים און דעם גאנצן לערער פּערסאָנאל ווי אויך די עסקנים פון געזעלשאפט ״תרבות״ און די ועדי הורים. פון די מנהלים איז צו דערמאנען די ה״ה שאוהער, ראבינאָוויץ, בערנשטיין, גאָלדבערג (טור־זהב, יעצט אין קיבוץ יגור) און אברהם דיכטיאר. די לערער: זילבערשטיין, די ביידע אידל־שטיינס, פאָטער און זון, אברהם טענדלער, טוביה לעווין (באוווסט אלס משורר טל, וועלכער האָט איבערגעזעצט אין עברית דעם ראָמאן „אננא קארענינא״ און „אָיטשעץ זאדזשומיאָניך״ פון סלאָוואצקי), כלאדניעוויטש, קאוונער, שלמה גארפינקל (איצט אין רחובות), מושין, אייסלאנד און גראָסקאָפּף. דער לעצטער האָט אויך פיגורירט לגבי דער מאכט אלס אָפיציעלער לייטער פון דער שולע (״קיעראָווניק שקאָלי״). ער איז אויך געווען דער ספּעץ פון דער פוילישער שפראך, און פלעגט ארויסטרעטן מיט באגריסונגען אין נאָמען פון דער יידישער באפעלקערונג אין פארשידענע אָפיציעלע פאלן. אלס סעקרעטארן, חוץ אידעלשטיינען, זענען געווען לייב ביבער פון אסטרא און יוסף סודגעלטער. פאָרזיצער פון סניף תרבות זענען פאר דער צייט געווען: ה״ה שמואל זינגערמאן, פּרוי טרעס, הינדע גאָלדענשטיין, טאלע בערעזאָוויץ, טארטאקאָווסקי און שלמה זאנדוויס. צווישן די טיכטיקע טוערס פון תרבות זענען געווען צווישן אנדערע: אברהם טורקעניץ, משה יוז, ישראל קאָראָבאָטשקאָ (קרבי—אין ישראל), יצחק פרימאן און יצחק סאנדבערג. אלס פאָרזיצער און מיטגלידער פון ועדי ההורים אין דער דערמאָנטער תקופה געדענק איך די ה״ה: יצחק וואלק, אליעזר פערעוואזניק, הערשל זוליאר, אלתר פּרימאק, אלתר לאנגער, יעקב קליעס, ראובן דראך, יצחק קאמיען, יצחק פרימאן, ישראל קאָראָבאָטשקאָ, שמואל ירושלימסקי און אנדערע.

שטארק איינגעקריצט אין מיין זכרון איז די באגעגניש פון די תלמידים, בראש מיט די לערער און עסקני תרבות, מיט ח. נ. ביאליק, וועלכער איז געפאָרן אין דער באגלייטונג פון ה׳ ש. ראָזענהעק קיין ווילנע. אויפן וואקזאל אין סארני האָבן די תלמידים אים דערלאנגט בלומען און דער לערער טוביה לעווין האָט אים איינגעלאדן אָפּצושטייגן אויף אייניקע שעה׳ן קיין סארני און באזוכן דעם בית הספר. ביאליק האָט געענטפערט מיטן ווערטל: ״לא סרנו ממצוותיך״.

## ביבליאָטעקן

ביבליאָטעקן זענען געווען עטלעכע: די ביבליאָטעק פאר די איזנבאַן באַאמטע („ביבליאָטעקא קאָלייאָוואַ״), ביי דער פּאָליציי קאָמאַנדע, פון דער רוסישער אינטעליגענץ, פון דער אוקראַיני־שער באַפעלקערונג, און צוויי יידישע ביבליאָטעקן. פריער איז געווען בלויז איינע. נאָכדעם האָבן די בונד חברים און די קאָמוניסטן זיך אָפּגעטיילט, און ס׳איז פארבליבן א זעלבשטענדיקע תרבות־ביבליאָטעק.

## א בנין פאר א תרבות־גימנאַזיע

די לעצטע פּאָר יאָר פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען די עסקנים פון תרבות צוזאַמען מיטן ועד ההורים צוגעטראָטן בויען אויפן פּלאַץ פון בית הספר א גרויסן בנין פאר א העברעאישער גימנסיה. צו דעם צוועק איז געוועלט געוואָרן א ספּעציעלער ועד להקמת הגמנסיה העברית, בראש פון וועלכן זענען געשטאַנען ה״ה ברוך אסטראַווסקי, יוסף (יונה) מרגלית און שמריה גרשונוק, פּרעזעס פון דער יידישע קהילה. נאָך גרויסער מי און שתדלנות איז געלונגען דער געזו. תרבות צו באַקומען די געהעריקע דערלויבעניש אויף צו בויען דעם בנין. פיל מאָל האָט די מאַכט צוריקגעשיקט נישט באַשטעטיקטע די צוגעשטעלטע פּלענער. נישט איינמאָל איז אויסגעקומען צו פאָרן קיין לוצק אין דעם וואָיעוואָדסטוואָ־אַמט ווי אויך אין קוראַטאָריום כדי צו אינטערווענירן.

מיט גרויס פרייד און פּאַראַד איז געלייגט געוואָרן די אבן הפנה און אינגיכן איז פאַרענדיקט געוואָרן דער גרויסער שטיינערנער פונדאַמענט. די שטיינער זענען געשפּענדעט געוואָרן דורך ה׳ יוסף מרגלית, וועלכער איז געווען דער לייטער פון איינער פון די גרעסטע פירמעס אין געגנט — די קלעסאַווער שטיינהאַקערייַ „קלעסאָווסקי גראַניט פּאָלסקי״. אויך די ציגל־ווענט האָבן זיך אָנגעהויבן הייבן אלס העכער און העכער, אָבער די געדריקטע עקאָנאָמישע לאַגע און שווערע אַנטיסעמיטישע אַטמאָספער און די שטייערן־פּאָליטיק פון דער פּוילישער מאַכט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג האָבן פאַרשווערט איינצוקאַסירן די התחיבויותן און מען איז געצוווּנגען געווען אָפּצושטעלן די בוי־אַרבעט פון דעם גימנסיה־בנין.

## די פאַכשולע „אָרט״

די שולע איז געוואָרן געגרינדעט אין יאָר 1923/24 דורך דער צענטראַלער געזעלשאַפט „אָרט״ אין וואַרשע מיט דער מיטהילף פון עסקנים און צעירי־ציון פּאַרטיי אין סאַרני. פון זיי געדענק איך יעצט נאָר אייניקע: ד״ר זשיטניצקי (יעצט רעדאַקטאָר פון דער „יידישער פּרעסע״ אין אַרגענטינע), גדליה ליפשיץ, וועלכער האָט טריי געאַרבעט פאר „אָרט״ ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן און וועלכער איז אויך געווען סעקרעטאַר פון דער שולע, מוליע בערלינסקי, דער לערער אברהם טענדלער, ועל כולם — דער איניצאַטאָר און שטענדיקער פּאָרזיצער פון געזעל־שאַפט „אָרט״ אין סאַרני ד״ר באָריס שטיינבערג. זיין געטריישאַפט צום ענין „אָרט״ האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ. און דער צווייטער צו אים מיט געטריישאַפט און מסירות איז געווען דער וויצע־פּאָרזיצער ד״ר צווימאַן. ער האָט געווידמעט פיל צייט, ענערגיע און אויך געלט פאר דער שולע.

די שולע האָט געהאַט צוויי פאַך אָפּטיילונגען: (1) נייען און צושניידן — פאר מיידלעך;

(2) סטאָלעריי. די רעזולטאַטן פון דער שניידעריי זענען געווען, אַז פיל מיידלעך האָבן זיך גוט אויסגעלערנט נייען, און האָבן שפּעטער געפירט דאַמען־שניידער וואַרשטאַטן. די סטאָלעריי איז גוט באַקאַנט אַלע פּאַרבליבענע סאַרנער. די שולע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר מעבל אויסאַרבייטונגען פון בעסטן קוואַליטעט. ניט איין מאָל האָט די שולע באַקומען אויסצייכנונגען פון דער מאכט, פון דער סטאַראָסטווא און פון דער צענטראַלע פון "אָרט".

פיל תלמידים פון דער שולע, היינט אין ישראל און אין אנדערע לענדער, האָבן צו פאַר־דאַנקען דער שולע "אָרט" זייער פאַכבילדונג. די שולע האָט געהאַט אַן אייגענעם גרויסן און שיינעם צוויי שטאָקיקן בנין, אין וועלכן ס'איז אויך געווען אַ גרויסער זאַל און בינע פאַר פּאַרשידענע פאַרזאַמלונגען און פאָרשטעלונגען. מיר געדענקען נאָך אַלע די פאָרשטעלונגען פון דער סאַרנער דראַמאַטישער סעקציע און פון אייניקע גאַסט־טרופּעס, וועלכע זענען דאָרט פאַר־געקומען, ווי אויך די בעלער פון ועד הקק"ל און פון בית־יתומים קאָמיטעט, וועלכע פלעגן זיך ציען עד אור הבוקר. די שולע אין סאַרני האָט זיך גערעכנט אַלס איינע פון די בעסטע "אָרט" שולן אין פּוילן. פון די לערער געדענק איך ליידער בלויז דעם אינזשיניער צוקערמאַן, וועלכער איז געווען דירעקטאָר די לעצטע פּאָר יאָר, מוניע שניידער (יעצט אין ישראל) און גאַרבאַזש, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט אַלס אינסטרוקטאָרן. במשך פון עטלעכע יאָר זענען די אָפּיציעלע קוראַטאָרן פון סאַרנער "אָרט" געווען וואָלף גאָלדמאַן און משה בורקא.

## קינדערגאָרטנס

קינדערגאָרטנס אין אנדערע שפּראַכן חוץ עברית זענען אין סאַרני ניט געווען. ס'האָט זיך געגרינדעט אַ קינדערגאָרטן אין דער פּוילישער שפּראַך, נאָר ער האָט זיך אין קורצן געשלאָסן. גוט פּראָספּערירט האָט דער גן־ילדים אין עברית, וועלכער איז געוואָרן געפירט דורך דער גננת זינע פּרימער (יעצט אין ישראל). ס'זענען געווען נאָך אנדערע גנים, אַלע אין עברית.

## דראַמאַטישע סעקציע

די דראַמאַטישע סעקציע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין יאָר 1918/19. איר ערשטע פאָרשטעלונג איז געווען "דער אינטעליגענט", מיט דער באַטייליקונג פון אהרן זאַנדוויס, משה בורקא, יחיאל סלוצקי, משה גאַמערמאַן א.א.

צוליב די אומרוען און פּאָגראָמען וועלכע האָבן דאַמאָלס געבושעוועט, איז די טעטיקייט פון דער סעקציע אָפּגעשטעלט געוואָרן ביז דעם יאָר 1920. פון דאַמאָלס ביזן יאָר 1939 איז די סעקציע געווען טעטיק אָן איבעררייס, כאָטש די מיטגלידער האָבן זיך מיט די יאָרן געביטן. צו די באַליבטע און דערפאָלגרייכע שפּילער פון דעם ערשטן אַנסאַמבל זענען געווען פאַררעכנט בילקע גאָלדבערג־גאַמערמאַן, משה גאַמערמאַן, און יחיאל סלוצקי אין זיין ראָל "פּראַקאַפּ".

נאָך דער עליה פון דער ערשטער גרופּע חלוצים קיין א"י, אין יאָר 1921, זענען ארויף אויף דער בינע נייע כוחות: הערשל פלאָטניק און זיין שוואָגער שוואַרצטוך, זעליג שפּירא (דאָ אין ישראל — בן אפרים), וועלכער איז אויך געווען רעזשיסער ביז זיין עליה קיין ישראל און אויסגעשפּילט די ראָלע פון דער מכשפה (באָבע יאַגע), טאַליע בעקערמאַן, אברהם אהרן דוואָרעצקי, חנה און שלמה זאַנדוויס, שרה פיקמאַן, דינה ווייִנבלאַט־קאַראַבאַטשקאַ, איר ברודער

שלמה ווייגבלאט, דער צווייטער ברודער שלום אלס סופליאר, טוליע בערעזאוויץ, זינע און בוזיע פרימער, פלאכאווסקי, מאליע גאָלדמאַן־סטערלאַווסקי, ליובע טשערניאַק־פּערלשטיין, חיה און יצחק גארנשטיין, רחל׳ע בערנשטיין, פּעסל זשולטאַק, יצחק פּלאַטניק א.א. רעזשיסאָרן אין די ערשטע יאָרן זענען צווישן אנדערע געווען: דער אַרטיסט שטשאַגאַל, און פונם יאָר 1924 און ווייטער — טאַליע בערעזאוויץ, פלאכאווסקי און יצחק פּלאַטניק. א באַזונדער געטרייער מיטגליד איז געווען חבר איידלשטיין. ער און זיין פידעלע זענען געווען ווי אַן אומשיידבאַר פּאָרל. ער האָט געזאָרגט צו אָרגאַניזירן די כאָר גרופּעס און אויסשולן אלע געזאַנגען פון די פאָרשטעלונ־גען. אויב ס׳האָט אַמאָל אויסגעפעלט די נאָטן פון וועלכן עס איז שיר, האָט שוין איידלשטיין צוגעפּאַסט א פּאַסנדע מעלאָדיע. צווישן אנדערע האָט מען אויפגעפירט די פאָרשטעלונגען: בר־כוכבא, שולמית, די מכשפה, דער דיבוק, יאַשע קאַלב, שלום עליכמ׳ס און שלום אַש׳ס פּיעסן. צו אלע פאָרשטעלונגען האָבן פיל מיטגעהאָלפן דער גוטער סופליאָר חיים פּערעלשטיין און וועלוול שאַר אלס שטענדיקער סצענאַריוש.

די הכנסות פון די פאָרשטעלונגען זענען מערסטנס געווען געווידמעט עליה־צוועקן, פאַר אומפאַרמעגלעכע חלוצים, וועלכע זענען באַשטעטיקט געוואָרן צו עליה און האָבן ניט געהאַט די הוצאות, ווי אויך פאַר וווילטעטיקע צוועקן.

## ספּאָרט־קלובן

זענען געווען אין סאַרני צוויי: איינער א פּוילישער אונטערן נאָמען "זאַגאַנטשיק", איז באַ־שטאַנען פון די לערער פון דער פּוילישער גימנאַזיע מיטן באַוווּסטן אַנטיסעמיט דעם לערער כיראַווסקי בראש; דער צווייטער — א יידישער קלוב אונטערן נאָמען "סעקפּותר" — ד.ה. "סעקציע פוטבאָל תרבות", נאָכדעם האָט ער זיך גערופן "הכוח". אין דער יידישער מאַנשאַפט האָבן זיך באַטייליקט די חברים פּאַטאַקאַ, דוד טוראַק, לייזער בריק, פּאַסמאַן, שמואל דוד ביק, דוד קאַלקאַווסקי און "יאַפּעלע".

דער לעצטער איז געווען א געזונטער יינגל, א גוטער שפּילער, נאָר א קליינוווּקסיקער. דאַקעגן דער פּוילישער לערער כיראַווסקי איז געווען הויך און ברייט. א גרויסער געזונטער גוי. שטענדיק איז "יאַפּעלע" אַרויסגעשטעלט געוואָרן צו שפּילן קעגן כיראַווסקין, ממש גלית און דוד. "יאַפּעלע"ן האָט טאַקע אָפט געלונגען אָנטאָן דעם גרויסן גוי צרות.

אין דער סעקציע "הכוח" האָבן אָנטייל גענומען די צוויי ראָזנבערגס, אהר׳ל און יאָסן, די צוויי ברידער זאַלאַטאַוו, אברהם׳ל און שמואל׳יק, די צוויי ברידער גיפּשטיין, בערל קלעס, איציע און יהושע טענדלער, זעליג שטיין, סעניא שפּירא און שמואל׳יק פּרישקולניק. איינער פון די געזונטסטע און ווירדיקסטע בחורים פון דער סעקציע איז געווען אברהם׳ל זאַלאַטאַוו. ווען ער איז געווען אין דער רעגולערער דינסט אין דער פּוילישער אַרמיי האָט געטראָפן, אַז אַן אונטער־אָפיציר האָט א געשריי געטאָן "זשיד". האָט אברהם׳ל אים געגעבן א פּאַטש, פאַר וואָס ער האָט באַקומען 21 טעג תפיסה, נאָר ער איז געווען צופרידן.

חוץ די פאַרמעסטונגען מיטן "זאַגאַנטשיק", פלעגן סאַרני באַזוכן "דרוזשינעס" פון אַרומיקע שטעטלעך, ווי אויך די "חשמונאי" דרוזשינע פון ראָוונע. די מעטשן פלעגן צוציען פיל צושויער.

פון די פאָרזיצערס פון די ספּאָרט־קלובן זענען געבליבן אין זכרון: טאַליע בערעזאוויטש און סיאַמאַ מילשטיין.

אין 1919, ווען די פוילישע ארמיי איז צום ערשטן מאָל אריין אין סארני, איז אָנגעקומען קיין סארני א גרויסע צאָל פליטים פון קיעווער זייט, באזונדער פון אלעווסק. היות זיי זענען אָנגעקומען בערום ובחוסר כל, און צווישן דער סארנער אָרטיקער באפעלקערונג האָבן אויך נישט געפעלט קיין קבצנים, נויטבאדערפטיקע און קראנקע, האָבן א גרופע חברים בראש מיט משה׳ל גאמערמאן און משה בורקא, זיך פארבונדן מיט ראָוונע, ווו ס׳איז שוין געווען טעטיק דער פאָרשטייער פון ״דזשאָינט״ אויף וואָלין.

ס׳איז באלד געגרינדעט געוואָרן אין סארני א קרייז־קאָמיטעט פון ״דזשאָינט״ אין פאָלגענדן צוזאמענשטעל: משה׳ל גאמערמאן אלס פאָרזיצער, משה בורקא — וויצע פאָרזיצער, אברהם בינדער פון דאמבראוויץ (יעצט בן־דור, אין ישראל) אלס סעקרעטאר.

מיטגלידער: אנשל שאכניוק (שכנאי), צבי (גרישא) שפירא, יחיאל רייך פון אלעווסק, און מנחם זלמן בריסקמאן פון סעכאוו.

דער קרייז קאָמיטעט האָט אנטוויקלט א גרויסע הילף טעטיקייט אין דער גאנצער סארנער סביבה: געעפנט קיכן פאר קינדער, אומארבעטספעיקע און קראנקע, געזאָרגט פאר דערציונג און אויסבילדונג פון דער אָרעמער באפעלקערונג, דער עיקר פון די פליטים, און אויך צעטיילט פינאנסיעלע שטיצע.

ס׳איז אויך געווען א ספעציעלער פאָנד ״מתן בסתר״, פאר בכבודיקע פליטים.

דער ״דזשאָינט״ האָט דאן געגרינדעט אין סארני א ידישן שפיטאָל; דער שפיטאָל איז געווען אין עק פון דער ברייטער גאס, אין וואלאדזינסקי׳ס הויז. די לייטונג פון שפיטאָל איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם דאן אָנגעקומענעם קיין סארני אלס פליט דאָקטאָר שטיינבערג. אלס ווירטשאפט־לעכע לייטערין איז אנגאזשירט געוואָרן די פרוי איידעלשטיין, אויך א פליטה פון אלעווסק (די פרוי פונם באוווסטן ידישן דאָקטאָר אין אלעווסק).

דער שפיטאָל האָט עקזיסטירט בערך א צוויי יאָר.

שפעטער איז אין שטאָט געעפנט געוואָרן א רעגירונגס־שפיטאָל, ווו אויך ידן האָבן געקענט באקומען מעדיצינישע הילף. אָבער אלס דאָקטוירים האָבן ידן אין דעם שפיטאָל ניט געארבעט. ס׳איז אויך געגרינדעט געוואָרן א גרויסע פאליקליניק און אמבולאטאריע פון דער קראנקן קאסע (״קאָסאַ כאָריך״), ווו ידישע ארבעטער און באאמטע, וועלכע האָבן געהערט צו די קראנקן־קאסע, האָבן באקומען מעדיצינישע הילף. דאָרט האָט אויך געארבעט ד״ר שטיינבערג. חוץ אים זענען געווען נאָך צוויי ידישע דאָקטוירים: זיין פרוי ד״ר יעלענא שטיינבערג און ד״ר זיגמונד קאָהן, ווי אויך דער פליט פון גאליציע ד״ר זכריה גאָלדנער (1939—1942).

פון די פינף קריסטליכע דאָקטוירים איז געווען פאָפולער ד״ר קאזשוכאוו, א גוי א שכור, וועלכער האָט זיך זייער אָפט געוואַלגערט פון די פיס. ער איז געווען א קליינער אוהב ישראל. שפעטער איז געוואָרן פאָפולער אין דער ידישער גאס דער ד״ר כאטיאן (כירורג). ס׳זענען געווען אויך צוויי פעלדשערס,ביידע קריסטן. איינער פון זיי, קאראטעצקי, אויך א טרינקער און א שונא ישראל.

ציין־דאָקטוירים זענען געווען דריי, פון זיי צוויי ידישע: יעלענא סערבין־פאניטש (שפעטער בערעזאוויטש), און שמעון צווייטמאן, אַן עסקן צבורי, וויצע־פאָרזיצער פון ״אָרט״, ״טאָז״ און אַק־טיווער מיטגליד אין אנדערע אינסטיטוציעס.

די געזעלשאפט "טאָז" האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין יאָר 1919/1920, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שטראָם פון די קינדער־יתומים נאָך די פּאָגראָמען פון די פּעטליורישע באַנדעס און אַנדערע רוצחים אויף אוקראַינע. די געזעלשאפט האָט געעפנט אַ גוט איינגעריכטעטע אַמ־בולאַטאָריע און האָט אָנגעהויבן בויען אין וואַלד אויף פּאַלעסיער זייט אַ גרויסן בנין פאַר אַ זומער־קאָלאָניע. האַלטנדיק שוין ביים ענדיקן די געביידע, איז זי אין איין זומער־נאַכט אַוועק מיטן פייער.

די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ האָט די געזעלשאפט "טאָז" גוט געאַרבעט און אַפילו צוגעצויגן פיל טיכטיקע עסקנים. דאַקעגן אין די לעצטע יאָרן איז די פאַראַינטערעסירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג געוואָרן קלענער, און די געזעלשאפט האָט כמעט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. בראש פון דער געזעלשאפט "טאָז" איז געשטאַנען דער צאָן טעכניקער פּלאַכאַווסקי.

## לינת הצדק

די חברה האָט קיין צענטראַלע אין וואַרשע ניט געהאַט און האָט זיך געפירט מיט אייגענע כוחות פון שטאָטישע עסקנים מיט באַגרענעצטע געלט־מיטלען, וועלכע זענען איינגעפלאָסן מערסטן טייל פון מיטגליד אָפּצאָל, שפּענדונגען, פאַראַנשטאַלטונגען און סובסידיעס פון דער קהילה און שטאָט פאַרוואַלטונג.

טראָץ אַלעמען האָט די חברה געפירט אַ פאַרצווייגטע גוט איינגעאָרדנטע טעטיקייט און געבראַכט הילף פאַר אָרעמע קראַנקע. פאַקטיש האָט די חברה זיך געדאַרפט רופן „ביקור חולים" אָדער "רופא חולים", ווייל די חברים פון פאַרוואַלטונג האָבן באַזוכט קראַנקע, געשיקט דאָקטוירים און רעצעפּטן צו די קראַנקע אויפן רעכענונג פון דער חברה, מיטגעבראַכט מיט זיך גוטע פרוכטן, וואַרעניעס, שאָקאָלאַד און אַנדערע מאכלים צו דערקוויקן די נשמה פון חולה. נאָר דער נאָמען "לינת הצדק" האָט זיך גענומען פון דעם וואָס דער ערשטער ציל איז געווען, אַז די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט זאָלן בלייבן נעכטיקן ביי דעם חולה און אויפן אָרט העלפן אים און זיין פאַמיליע.

צווישן די טעטיקע און געטרייע פאָרזיצערס פון דער חברה זענען געווען יעקב סאַנדבערג און יעקב זאַנדוויס, און אַלס קאַסירער — דער אַלטער ר' אברהם קלעס.

די טעטיקע מיטגלידער פון דער חברה זענען געווען ה"ה יצחק גילדענגאַרן, ישראל נאַבאָזשני, פּסח בורקאַ, פנחס זאַנדוויס, יהושע ברוך פּלאָטניק, נח פּערלשטיין, לייזער ראָזנשטיין, דוד פּערלשטיין (ווי מ'האָט אים גערופן "דוד דער שוואַרצער" — יעצט אין ישראל).

## סאָציאַלע הילף

די חברה "לחם עניים" האָט פאַקטיש אָנגעהויבן איר טעטיקייט פונם ערשטן טאָג פון סאַרנער אויפבוי, נאָר דאַמאָלס איז זי ניט געווען אָרגאַניזירט און לעגאַליזירט און זי איז געפירט גע־יאָרן דורך די ריינע און כשר'ע הענט פון ר' זיסקינד גאַמערמאַן, דעם ערשטן שוחט אין סאַרני. נאָך זיין פּטירה איז די מלאכת־הקודש פון שו"ב צוזאַמען מיט דער צדקה־טראַדיציע איבערגעגאַנגען צו זיין זון שלמה, וועלכער האָט די אַרבעט פון צדקה און גמ"ח נאָך פיל פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט.

די פּוילישע מאַכט האָט לעגאַליזירט די חברה. דערוויל איז די יידישע באַפעלקערונג אין

שטאָט פאַרגרעסערט געוואָרן, און אויך די צאָל נצרכים איז פאַרגרעסערט געוואָרן.

די געזעלשאַפט האָט אונטערשטיצט פיל אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע. זי פלעגט אויסצאָלן חודש־שטיצע פיל אָרעמע משפחות, און אייניקע משפחות פלעגן באַקומען איינמאָליקע שטיצע אין גרעסערע סכומים, "מתן בסתר", כדי זיי זאָלן קענען ווערן זעלבשטענדיק און אָנהויבן זיך אליין מפרנס זיין. די געזעלשאַפט פלעגט צעטיילן הונדערטער מעטער האָלץ יעדן ווינטער, חוץ דעם וואָס זי פלעגט דורכפירן יעדן פסח די "מעות חיטין" אקציע און פלעגט פאַרטיילן מצה, קאַרטאָפל און מזומנים כדי די נויטבאַדערפטיקע משפחות זאָלן קאָנען צוגרייטן דעם סדר און יו"ט. די געזעלשאַפט האָט אויך פאַרטיילט מלבושים, וועלכע זי פלעגט באַקומען פון אַמעריקע און אויך פון סאַרנער בירגער, וועלכע האָבן זיך איבערגעצויגן קיין וואַרשע.

די הכנסות פון דער געזעלשאַפט זענען באַשטאַנען פון רעגולערע מיטגליד־אָפּצאָל, פון נדרים אין די שולן און פון זאַמלונגען אויף אַלע שמחות, ברית'ן, חתונות, סובסידיעס פון דער קהילה און שטאָט פאַרוואַלטונג, און אחרון אחרון — פון אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער.

אין דעטרויט האָט געוווינט א סאַרנער ייד, ה' שמחה שפּירא, אָדער ווי מ'פלעגט אים רופן אין סאַרני — שמחה דער פּעקאַרניק. ער פלעגט זאָרגן אַז די דאָלאַרן זאָלן געזאַמעלט ווערן און זאָלן אָנקומען קיין סאַרני צו דער ריכטיקער צייט. צו דעם צוועק איז געגרינדעט געוואָרן א קאָמיטעט פון סאַרנער עמיגראַנטן, און די תרומות זיינען איבערגעוויזן געוואָרן קיין סאַרני. ביי דער פאַרטיילונג פון די סכומים אין סאַרני האָבן אָנטייל גענומען די עלטערן פון די אַמעריקאַנער תורמים.

איין ווינטער האָט ר' שמחה שפּירא געבעטן פון סאַרנער קאָמיטעט מ'זאָל אים שיקן א גאַנצן גאַרדעראָב פון פּויערישע מלבושים, א סוויטע, לייווענטענע העמד און הויזן, פּאַסטאַלעס, א טאָרבע — כדי ער זאָל קענען פּורים זיך פאַרשטעלן אַלס אָרעמער פּויער און זאַמלען מער געלט. די באַשטעלונג האָט מען אויסגעפילט, און אויך ר' שמחה האָט זיין פליכט אויסגעפילט אויפן בעסטן אופן. ווען מ'האָט געדאַרפט אדורכפירן די "מעות חיטין" אקציע, האָבן אַלע עסקנים מיט ביידע רבנים בראש זיך צוגעשטעלט צו דער צייט. אויך די ווינטער אקציע אויף זאַמלען קליידער, קאַרטאָפל און צוגרייטן האָלץ, איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער באַטייליקונג פון די זעלבע עסקנים.

בראש פון דער געזעלשאַפט איז געשטאַנען ר' שלמה גאַמערמאַן. מיטגלידער זענען געווען ה"ה אָשר גייפמאַן, יעקב סאַנדבערג, נח פּערלשטיין, פּיניע וואָלק, פּנחס זאַנדוויס, יצחק גילדענגאַרן, איצל זינגער, חיים פעלדהענדלער א.א.

## בית־יתומים

דער סאַרנער בית־יתומים איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919/20, באַלד נאָך די פּאָגראָמען אין אוקראַינע. ווען ס'האָבן אָנגעהויבן קומען טראַנספּאָרטן פון יידן קיין פּוילן, איז סאַרני געוואָרן א צענטראַל פּונקט, די "סטאַציע קאָנטראַלנאַ" פון דער פּויליש־רוסישער גרענעץ.

דער בית־יתומים איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם קרייז־קאָמיטעט פון "דזשאָינט" און איז שפּעטער אונטערגעאָרדנט געוואָרן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פאַר יתומים פאַרזאָרגונג אין פּוילן מיט דער באַטייליקונג פון סאַרנער עסקנים. אין די ערשטע יאָרן איז שטאַרק טעטיק געווען ר' אברהם פורמאַן, וועלכער איז אויך געווען ראַיאָן אינסטרוקטאָר, און חנה גייער פון סטאָלין

אלס פארוואלטערין. א פּאָר יאָר שפּעטער, ווען די לאַגע האָט זיך סטאַביליזירט, און מער זענען קיין יתומים פון רוסלאַנד ניט אָנגעקומען, איז דער בית־יתומים איבערגעגאַנגען אַלץ מער אויף זיין אייגענעם אויסקום און איז געוואָרן כמעט אינגאַנצן אויסגעהאַלטן דורך דער סאַרנער באַפעל־קערונג, מיט אייניקע קליינע סובסידיעס פון צענטראַל קאָמיטעט אין וואַרשע און פון סאַרנער שטאָטראַט און פון דער קהילה. די וויכטיקסטע הכנסות זענען געווען פון מיטגליד־אָפּצאָל און שפּענדונגען. דער בית־יתומים האָט זיך געפונען אין בנין פון בית הספר "תרבות", און די יתומים האָבן געלערנט אין אים אָן אָפּצאָל. דאָס האָט פיל פאַרגרינגערט דעם ועד פון בית־היתומים.

בראש פון ועד זענען געשטאַנען ה"ה יוסף בארזאם, ד"ר שטיינבערג, חיים גליק און אַנדערע, אָבער פאַקטיש האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט א פרויען־קאָמיטעט. חוץ דעם וואָס די פרויען האָבן דורכגעפירט געלט־ און קליידער־זאַמלונגען, פאַראַנשטאַלטונגען און באַלן, באַזאַרן און קינדער־פאָרשטעלונגען, האָבן זיי אָפט פשוט אַליין פאַרשאַרט די אַרבל און געמאַכט די שוואַרצע אַרבעט אין קיך און אין די צימערן.

די טיכטיקע און געטרייע מיטגלידערינס זענען געווען די פרוי בארזאם (פּאָרזיצערין), פרוי חוה קאַראַבאַטשקאַ, פרוי ליפשיץ, פרוי בתיה גאָלדמאַן, פרוי גליק, פרוי שור, פרוי אײדל־שטיין א.א.

הונדערטער קינדער זענען דערצויגן געוואָרן אין דעם יתומים־הויז אין פאַרלויף פון זיין צוואַנציק יאָריקער עקזיסטענץ אלס ווירדיקע בירגער און נאַציאָנאַלע יידן. ביים פאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט אלס דערוואַקסענע יוגנטלעכע האָט דער ועד זיי מיטגעהאָלפן שטעלן זייערע ערשטע טריט אין זייער פּריוואַטן זעלבסטשטענדיקן לעבן.

## ציוניסטישע פּאַרטייען

### אַלגעמיינע ציוניסטן

אויך סאַרני האָט ניט פאַרמידט די פאַרטיילונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף צוויי זרמים, "על המשמר" און "עת לבנות", אין יאָר 1930. קיין יוגנט אָרגאַניזאַציע האָבן די צוויי שטראָמען אין סאַרני ניט געהאַט. די פאַרטיי האָט געציילט א סך גוטע און טרייע חברים, פון וועלכע א טייל האָבן עולה געווען מיט זייערע משפחות קיין ארץ־ישראל. די פאַרטיי האָט געהאַט אירע טיכטיקע מיטגלידער אין אַלע ועדות פון קק"ל, קרן־היסוד, תרבות, ווי אויך אין דער קהלה און אין שטאָט־פאַרוואַלטונג.

אין די יאָרן 1926—1925 איז געגרינדעט געוואָרן ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע א חברה צו קויפן באָדן אין א"י. צו דעם צוועק האָט די חברה ארויסגעשיקט קיין א"י די ה"ה שמואל זינגערמאַן און פסח קלייד, וועלכע האָבן ווירקלעך געקויפט באָדן אין אייניקע ערטער, ביי בני־ברק און אין מפרץ חיפה. געניוע רעזולטאַטן פון די קניות זענען ניט באַוווּסט, ס'איז נאָר באַקאַנט דאָס עטלעכע מיטגלידער פון דער חברה ווי משפחת זינגערמאַן, לוי גרובער, יצחק לעווין, יעקב בריק, גורוויץ, בארזאם האָבן געהאַט געקויפט באָדן אין יענער צייט.

וויכטיקע מיטגלידער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געווען ה"ה שמריהו גערשונאַק, שמואל זינגערמאַן, מענדל לאופער, יצחק לעווין, משה טאַרטאַקאָווסקי, ברוך טרעס, איזיק זעלמאַן, מענדל גורוויץ, אברהם חיים שניידער א.א.

## צעירי ציון

די פארטיי צעירי ציון האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין סאַרני נאָך אין יאָר 1917, נאָר צוליב די אומרועו און מאכט־טוישונגען און דעם בירגערקריג איז איר טעטיקייט אלע מאָל איבערגע־ריסן געוואָרן און ערשט באנייט געוואָרן אין יאָר 1920 מיטן אריינמארשירן פונם פוילישן מיליטער. פון יאָר 1920 ביז 1924 האָבן צעירי ציון געפירט א פארצווייגטע טעטיקייט אויף אלע געביטן: ציוניסטישע פּאָליטיק, עליה, אלגעמיינע יידיש־פוילישע אינטערעסן, מיט־גע־האָלפן אָרגאניזירן די ארבעטער־צעכן, בענק א.א. דער מרכז המפלגה איז דאַן געווען אין ווארשע. ס׳פלעגן אָפט קומען קיין סאַרני די מיטגלידער פון צענטראל קאָמיטעט: ריטאוו, מערעמינסקי, ראָזענשטיין, דוב בער מאלקין א.א.

בראש פון דער פארטיי איז דאַן געשטאַנען א ועד פון פאָלגענדע חברים: ד״ר זשיטניצקי, יונה גליק, מאיר שטיין, גדליה ליפשיץ, אברהם טורקעניץ און שלמה זאנדוויס. נאָך דער שפּאַל־טונג פון דער פארטיי, זענען א טייל חברים אריבער צו פועלי ציון — צ.ס. און א טייל צו ״התאחדות״.

## פועלי ציון — צ.ס.

״פועלי ציון — צ. ס.״ האָבן געפירט א גרויסע טעטיקייט אויף אלע געביטן פון פּאָליטישער פּראָפּאַגאנדע און ציוניסטישער דערציונג. זיי זענען אויך געווען פארטראָטן אין אלע וועדות פון קק״ל, קהי״ס, שטאָט־ראַט און קהילה, און אויך אין די ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. די אָרגאניזאציע האָט געציילט בערך א 200 מיטגלידער. בראש זענען געשטאַנען אברהם אהרן דווארעצקי, און ייבדלו לחיים ירחמיאל בערלינסקי און דער לערער שלמה גארפינקעל.

די פועלי ציון — צ.ס. האָבן אויך געהאַט א גרויסע אָרגאניזאציע פון ארבעטער יוגנט ״פרייהייט״.

ביי די פועלי ציון — צ.ס. איז געגרינדעט געוואָרן אַן ״עובד״ אָרגאניזאציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון סאַרנער יונגע ארבעטער, וואָס זייער ציל איז געווען — עליה קיין א״י. די האָבן געהאַט זייער ״לשכה״ אין הויז פון פאמיליע בערלינסקי. אייניקע פון זיי האָבן זוכה געווען עולה צו זיין פארן אויסברוך פון וועלט־קריג.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען דעם חבר מאיר שטיין, פון די עלטסטע חברים פון צעירי ציון און שפּעטער פועלי ציון — צ. ס. אין סאַרני פלעגט מען אים רופן ״מאיר דער פּראַטשקאַרניק״, ווייל ער האָט געהאַלטן א וועשעריי. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז שטענדיק געווען שטאַרק פארנומען ביי זיין ארבעט, האָרעווענדיק שווער און אָרנטלעך בכדי צו מפרנס זיין די משפחה, האָט ער שטענדיק געפונען צייט פאַר ציוניסטישער ארבעט. ביי אים אין שטוב איז במשך יאָרן געווען דער לאָקאַל פון דער פארטיי, די ביבליאָטעק און אנדערע אנשטאַלטן. ער האָט אויך מקיים געווען די מצות עליה, הלכה למעשה, און האָט מיט זיין גאַנצער משפחה עולה געווען קיין א״י. דאָ איז ער נאָך א לענגערער קראַנקהייט געשטאָרבן.

## התאחדות

די אָרגאניזאציע ״התאחדות״ האָט געציילט ביי 70—80 מיטגלידער, און האָט געפירט דיזעלבע ציוניסטישע טעטיקייט ווי פועלי־ציון. צום ועד פון התאחדות האָבן געהערט ה״ה אברהם טורקע־

ניק, אברהם דיכטיאר, יצחק פרימאן, שמואל ירושלימסקי, שלמה זאנדווייס, ישראל קאראבאטשקא, יצחק סאנדבערג א.א. ביי התאחדות איז געווען טעטיק א יוגנט אָרגאניזאַציע „גורדוניה", בראש פון וועלכער ס'זענען געשטאַנען די חברים רעקעס, הארצמאַן, זינגער (איצל זינגערס יינגסטער זון) א.א.

## השומר הצעיר

השומר הצעיר האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט נאָך אין יאָר 1921/22 אלס ציוניסטישע סקויטן־אָרגאַניזאַציע. אין די לעצטע יאָרן האָט ער געפירט א לינק־ציוניסטישע פּאָליטישע טעטי־קייט. די פּוילישע מאכט האָט אָנגעהויבן זיך באַציען צו אים מיט חשד; האָט ער דעריבער געשלאָסן אָפיציעל זיין לאָקאַל און געפירט זיין ארבעט אונטערן שילד פון „תרבות" אלס פאריין פון שול־יוגנט „שומריה". דער השומר הצעיר האָט געפירט א פארצווייגטע דערציערישע ארבעט, אמערסטן צווישן די שילער פון „תרבות"־שולע.

זייער לאָקאַל איז יעדן אוונט געווען פול מיט יוגנט. די געזאַנגען און טענץ האָבן זיך געטראָגן איבער א גרויסן טייל פון שטאָט ביז די שפּעטסטע אָוונט־שעה'ן. צום השומר הצעיר האָבן גע־הערט: בערל פרימער, חנינא זעוו, סאנקע גייפמאַן, די שוועסטער גאַמערמאַן, ראניא טרעס, מוניע שניידער, יעקב ראָזנפעלד — אלע איצט אין ישראל.

## מזרחי, הפּועל־המזרחי און השומר הדתי

האָבן געפירט א גרויסע ציוניסטישע טעטיקייט. זיי האָבן געציילט 150 מיטגלידער בערך, געהאַט אַן אייגענעם גרויסן לאָקאַל, ווו זיי האָבן אויך געדאַוונט. זיי זענען געווען פארטראָטן אין קהילה, שטאָט־פארוואַלטונג, ועדות פון קק"ל, קהי"ס און שקל־אקציע.

בראש פון דער פאריייניקטער מזרחי אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען ה' דוד בירג. פארוואַלטונג און ראַט־מיטגלידער זענען געווען ה"ה שלמה גאַמערמאַן, מענדל זינדל, יעקב זאַנדווייס, אָשר גייפמאַן א.א. בראש פון השומר הדתי: ברוך ראבינאָוויץ און העכטמאַן — דעם רב'ס זון.

## הצה"ר און בית"ר

האָבן ווי באַוווּסט די לעצטע יאָרן געפירט א סעפּאַראַטע טעטיקייט, מיט זייער באַזונדער קרן תל־חי און ברית־החייל. די איינציקע בשותפותדיקע ארבעט איז געווען די „תרבות"־שולע, ווו מ'פלעגט מיט זיי זיך טרעפן. אין סארני פלעגן אראָפּקומען שליחים פון דער מפקדה ראשית, און איינמאָל האָט באַזוכט מנחם בעגין. בראש פון הצה"ר זענען געשטאַנען ה"ה ברוך אסטראָווסקי און יעקב בריק. בראש פון בית"ר: אשר מיאסניק, גאַניק, גערבאַטי, פּערלמוטער און יהושע בורקא.

## „וויצאָ"

די ציוניסטישע פרויען אָרגאַניזאַציע „וויצאָ" האָט אויך געפירט איר טעטיקייט. בראש איז געשטאַנען פרוי צווימאַן.

## החלוץ און החלוץ הצעיר

האָבן זיך פארנומען מיט חלוציות און עליה. סארנער יוגנטלעכע זענען געווען צעוואָרפן אין די

הכשרה־פונקטן איבער גאַנץ פוילן. סאַרנער חלוצים זענען געווען די גרינדער פון באַוווסטן אין פוילן הכשרה־קיבוץ קליעסאָוו און אויך פון איייניקע קלענערע הכשרה־פּונקטן אין טאָמאַש־גאַראַד, ראַקיטנע, דאָמבראָוויצע, קאָסטאָפּאָל א.א.

אין סאַרני אליין איז אויך געווען א קורצע צייט א קיבוץ א.נ. "אל־על".

סאַרנער חלוצים זענען היינט פאַרטראָטן אין א סך קיבוצים איבער גאַנץ ישראל, פון דן ביז יד־מרדכי. עטלעכע פון דער סאַרנער יוגנט אין ישראל זענען געפאַלן אין דער מלחמת השחרור (דוד עטשטיין, גאַרבער־אהרוני א.א.).

## ליגה למען א״י העובדת

אין סאַרני איז אויך געווען א ליגה למען א״י העובדת, ווו אלע ציוניסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַצעס זענען געווען פאַרטראָטן דורך זייערע פאָרשטייער.

## אָנהייב פון עליה שלישית פון סאַרני

דער ערשטער וואָס האָט עולה געווען קיין א״י אין אָנהויב פון דער עליה שלישית, אָן וועלכער ס׳איז אָרגאַניזאַציע נאָר פון אייגענער איניציאַטיוו און מיט אייגענע כוחות, איז געווען אליהו האַרפּאַק. נאָך זיין קומען אין יאָר 1917 פון אָדעס, ווו ער האָט איייניקע יאָר געלערנט, איז ער געווען צווישן די ערשטע גרינדער פון דער צעירי־ציון פראַקציע אין סאַרני. פון דאַן האָט ער זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער עליה קיין א״י, נאָר צוליב די אומרוען און צוליב די אָפטע רעגירונגס־טוישונגען, איז אים אוממעגלעך געווען זיין פּלאַן צו רעאַליזירן. ווי נאָר ס׳האָט זיך געעפנט צום ערשטן מאָל דער וועג קיין וואַרשע אין יאָר 1920, און זיין פאָטער ה׳ יוסף האַרפּאַק האָט אים געשיקט אהין אין זיינע מסחר ענינים, האָט אליהו האַרפּאַק דערליידיקט אין וואַרשע אלע מסחר־ענינים, לויטן פאַרלאַנג פון זיין פאָטער און אָן א געזעגענונג זיך געלאָזט אין וועג קיין א״י. זעקס חדשים האָט געדויערט זיין רייזע; נאָך שווערע מי און וואַלגערניש איז ער געקומען קיין יפו אין חודש סעפּטעמבער 1920.

נאָך זיין אָפּפאָר האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער עליה די ערשטע גרופּע פון די סאַרנער אָרגאַניזירטע חלוצים, וועלכע האָבן אדורכגעמאַכט א הכשרה פון ערד אַרבעט אין די גערטנער פון ה׳ דוד בירג און פון סאַרנער בית־הספר. די גרופּע איז באַשטאַנען פון א פּאָר צענדליק חברים, נאָר אָפּגעפאָרן זענען בלויז פאָלגנדע: משה גאַמערמאַן, זיין פרוי ביילקע, לאה פיקמאַן, יחיאל סלוצקי, חייקל כשר, לייבל גירשטיין, דוד לעווין, שטיין און דער לעדער שדה.

דער טאָג פון זייער אָפּפאָר (פּאָר פּורים) איז געבליבן אין אלעמענס זכרון. ניט נאָר סאַרנער חברים, נאָר פיל ציונים פון דער געגנט זענען געקומען קיין סאַרני זיך מיטפרייען און בייזיין ביי זייער אָפּפאָרן. כמעט די גאַנצע סאַרנער יידישע באַפעלקערונג איז געקומען צום באַן זיך געזעגענען מיט זייערע ערשטע חלוצים. דער ספּעציעל באַשטעלטער וואַגאָן איז געווען דעקאָרירט מיטן בלוי־ווייסן פאָן און מיט פיל ציוניסטישע פלאַקאַטן און לאָזונגען. דער באַן אָרקעסטער, געדונגען דורך דער סאַרנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט געשפּילט "התקוה" און אלע אָנוועזנדע האָבן מיטגעזונגען.

די גרופּע איז אָנגעקומען קיין יפו ערב פסח 1921. נאָכן אדורכגיין דעם קאַראַנטין זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן אין בית־עולים. איייניקע טעג שפּעטער, דעם 1־טן מאַי, איז פאָרגע־

קומען דער אראבישער איבערפאל אויפן בית־עולם. צווישן די פארוואונדעטע איז אויך געווען אונדזער חבר לעווין.

## קרנות

זוי שוין דערמאָנט, האָט דער קרן־קימת אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין סארני נאָך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער צייט פון וועלט־קריג און בירגער־קריג איז די טעטיקייט איבערגעריסן געוואָרן און ביי יעדער געלעגנהייט ווידער באנייט געוואָרן: בשעת דער קערענסקי רעגירונג, אונטער דער דייטשער אָקופּאציע, און אנדערע מעגלעכע פאלן ביז דער אנטשטייאונג פון דער פּוילישער מאכט אין סארנער געגנט. פון 1920, ביז דעם אָנקומען פון דער סאָוויעטי־שער מאכט אין 1939, האָט די קק״ל געפירט א גרויסע פארצווייגטע טעטיקייט.

די הכנסות האָבן זיך צוזאמענגעשטעלט פון:

(א) מיטגליד אָפּצאָל.

(ב) אין יעדער הויז איז געווען א פּושקע, וועלכע פלעגט יעדן מאָנאט אויסגעליידיקט ווערן. די שטאָט איז פארטיילט געווען אויף קווארטאלן, און יעדע ציוניסטישע אָרגאניזאציע האָט געשטרעבט צו שטיין בראש פון די קק״ל־הכנסות אין איר קווארטאל. יעדן ערב ראש־השנה פלעגט די ועדה צעקלעפּן אין אלע שולן רשימות פון די סכומים, וועלכע זענען געזאמלט געוואָרן איבערן יאָר, און וויפל יעדער חבר האָט געשפּענדעט.

(ג) ס׳זענען אדורכגעפירט געוואָרן ספּעציעלע זאמלונגען אין די טעג פון ל״ג בעומר, ט״ו בשבט, ערב יום כיפור, חנוכה און פורים.

(ד) אויף אלע שמחות (חתונות, בריתן, בר־מצוה, יום הולדת) זענען געזאמלט געוואָרן שפּענ־דונגען. ס׳איז ניט געווען קיין שמחה אָן א פּאָרל פון דער ועדת קק״ל מיט אירע ווייס־בלויע באנדן און מיט דער אזוי גוט באקאנטער ווייס־בלויער פּושקע. חוץ די תרומות פון די געסט זענען אמערסטן טייל, צום אָנדענק פון דער שמחה, געשפּענדעט געוואָרן דורך די בעלי השמחות גרעסערע סכומים צו פלאנצן בוימער אין יער קק״ל. אָפט איז די שמחה פארשריבן געוואָרן אין ספר הזהב, אָדער אין ספר הילד. פיל יאָרן איז ביי קק״ל געווען אָרגאניזירט א ספּעציעלער אָרקעסטער, בראש מיטן פידלער ח. אײדלשטײן, וועלכע האָבן געשפּילט אויף אלע שמחות, און די הכנסות זענען געווען קודש לקק״ל.

(ה) חנוכה און פורים זענען איינגעאָרדנט געוואָרן באַלן און אויסשטעלונגען. די באלן און אויסשטעלונגען זענען געווען שטארק פּאָפּולער און האָבן צוגעצויגן פיל געסט פון דער גאנצער שטאָט און סביבה. די הכנות צו די פאראנשטאלטונגען האָבן זיך אָנגעהויבן מיט איניקע וואָכן פריער. מען האָט דאָס געקענט באמערקן אין יעדער שטוב: ווער ס׳האָט זיך געגרייט מיט מאסקעס און קאָסטיומען, ווער ס׳האָט צוגעגרייט צו דעם באזאר שיינע האנט־ארבעט, ווער ס׳האָט אָנטייל גענומען אין כאָר און טענץ.

(ו) א גרויסע הכנסה האָט אריינגעבראכט דער ציוניסטישער מנין, וועלכער איז געווען איינ־געאָרדנט אין בית הספר ״תרבות״. די הכנסות פון אלע ימים טובים און ימים נוראים, פון עליות און אנדערע נדרים זענען שטענדיק געווען באדייטנדע, נאָר אמערסטן זענען געווען די הכנסות פון שמחת תורה. צו די הקפות פלעגן זיך פארזאמלען אלע ציונים פון אלע שולן און די גאנצע ציוניסטישע יוגנט. זיי זענען אלע עולה לתורה געווען און מנדר געווען לטובת קק״ל.

באזונדערס האָט פּראָספּערירט די הכנסה פון "אתה הראת". דער ענין האָט יאָר יערלעך געהערט צום ה׳ גראָסמאַן. ער פלעגט באַשטימען א גרויסע סומע און פלעגט פאַרטיילן פסוקים, פאַר וועלכע יעדערער פלעגט חוץ דעם נאָך צוגעבן פאַר א באַזונדערן מי־שברך. מ׳האָט זיך ניט געפוילט איבערחזרן דעם "אתה הראת" איניקע מאָל, כדי וואָס מער געלט זאַמלען פאַרן קק״ל.

די געזאַנגען און טענץ האָבן זיך געצויגן כמעט צוויי מעת לעת, שמיני־עצרת און שמחת־תורה, און האָבן צוגעצויגן א גרויסן עולם אָנטיילנעמער און צושויער. די טיכטיקסטע איינאָרדנער און אָנטיילנעמער פון דעם מנין, וועלכע האָבן ניט געקאַרגט קיין מי, זאָלן דערמאָנט ווערן צום גוטן: די גבאים ה״ה חיים לערמאַן (די ערשטע צייט נאָך זיין אָנקומען קיין סאַרני האָט מען אים גערופן "דער פינסקער זייגערמייסטער"), ה׳ יעקב בריק און ר׳ אייזיק זלמן, ווי אויך דער בעגאַבטער בעל־תפילה פון דעם מנין ר׳ ישראל גאַמערמאַן. זיינע תפילות, ניגונים און ריקודים זענען געווען מיט גרויס התלהבות און בטוב טעם, און האָבן צוגעצויגן פיל צושויער. א גרויסן אָנטייל אין די אַלע שמחות פון דעם מנין האָבן אויך גענומען דער מנהל פונם ביה״ס ה׳ אברהם דיכטיאַר, שלמה זאַנדוויס און פיל אַנדערע חברים.

חוץ די דערמאָנטע הכנסות זענען פיל מאָל דורכגעפירט געוואָרן ספּעציעלע אַקציעס, לויט די דירעקטיוון פון דער לשכה ארצית: גאולת הקרקע אין עמק יזרעאל, עמק חפר א.א. אויף צו העלפן אַדורכפירן די ספּעציעלע אַקציעס זענען געקומען פאַרשטייער פון דער לשכה ארצית אין וואַרשע און שליחים פון דער לשכה ראשית פון ירושלים. צווישן אַנדערע האָבן באַזוכט נתן ביסטריצקי און האַרצפעלד פון א״י, די רבנים הרב הורוויץ און הרב האגער (וועלכער איז דאַן געווען רב אין נאָווי־סאַנדז און שפּעטער אין סאָסנאָוויץ און אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין פּטירה — רב און ראש פון חברה קדישא אין תל־אביב), און יעקב מלמד פון סלאָוועשניע (שפּעטער אין ישראל).

אויסרעכענען אַלע עסקנים פון קק״ל אין סאַרני איז פּשוט אוממעגלעך, ווייל די צאָל איז געווען זער א גרויסע. פון די מורשים איז צו דערמאָנען ה״ה שמואל זינגערמאַן, וועלוול שאַר, יהושע ניסמאַן, מענדל גורעוויץ און זיין פרוי אַלטע, און אהרון אהרון — ה׳ משה טאַרטאַקאָווסקי.

צווישן די טעטיקע גזברים און מזכירים זענען געווען: חיה׳קע דענענבורג, ביידע טעכטער פון הרב העכטמאַן (חיה׳קע און מירל) און מאיר גאַמערמאַן.

### קרן היסוד

ווי באַוווסט האָבן די פּעולות פון קרן־היסוד זיך באַזירט אויף זעלבסטבאַשטייערונגען פון גרעסערע סומען, וועלכע זענען איינגעצאָלט געוואָרן במזומנים אָדער מיט התחיבויות דורך וועקסלען, אַזוי אַז די פּעולות האָבן ניט אַרומגענומען די ברייטערע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. דאָך זענען אין סאַרני געווען א פאַר הונדערט תורמים, און דער אַלגע־מיינער סכום פון דער יערלעכער הכנסה איז געווען א גאַנץ באַדייטנדער. ער איז דערגאַנגען ביז 10—12 טויזענט זלאָטעס.

די אַרבעט פון די עסקנים איז ניט געווען קיין לייכטע: מ׳האָט די תורמים געדאַרפט באַזוכן עטלעכע מאָל כדי צו ווירקן אויף זיי. נאָך דער התרמה זענען געווען פאַלן דאָס די וועקסלען זענען ניט געצאָלט געוואָרן, האָט מען ווידער געדאַרפט באַזוכן די תורמים און ווירקן זיי זאָלן

האלטן זייערע התחיבויות. דורכדעם איז מען כמעט א גאנץ יאָר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן תורם און אויך מיט דער לשכה ארצית פון קרן־היסוד אין ווארשע.

די התרמה האָט געדויערט א צוויי וואָכן אין יעדן אָנפאַנג פון יאָר. צו דער דערעפענונג פון דער אקציע פלעגט קומען א פאָרשטייער פון דער לשכה ארצית. פאַר זיין אָנקומען זענען געמאכט געוואָרן פאָרבערייטונגען: ס'זענען געגעבן געוואָרן מעלדונגען אין די צייטונגען און אויך צעקלעפּט געוואָרן מודעות אין די גאסן און אין די שולן, ס'זענען באשטעלט געוואָרן זאַלן פאר די מיטינגען און פאַרזאַמלונגען, און, פאַרשטייט זיך, מ'האָט געדאַרפט באַצייטנס באַקומען די דערלויבעניש פון דעם סטאַראָסטאַ.

די ועדה האָט צוגעגרייט די געהעריקע רשימות און צעשיקט צו די תורמים מאַטעריאַל (בראָשורן, לוחות), מיט וועלכע די לשכה ארצית האָט באַאַרגט די ועדה.

די רעדעס פון די שליחי קרן־היסוד אין די שולן און בתי מדרשים שבת בעת'ן דאַווענען האָבן צוגעצויגן א גרויסן עולם און האָבן געגעבן דעם ערשטן װאַרעמען סיגנאַל צו דער דערעפענונג פון דער קרן־היסוד אקציע.

פון די חברים פון די ועדות פאַר דער גאַנצער צייט געדענק איך די ה"ה יהושע גלויבערמאַן, שמואל זינגערמאַן, די ברידער יהושע און נחמיה ניסמאַן, מנדל לאופער, אלתר פרימאַק, יצחק לעווין, וועלוול שאַר, שמריהו גערשונאַק, מענדל גורעוויטש, דוד בירג, יוסף באַרזאַם, יעקב יוז, אברהם טורקעניץ, אברהם דיכטיאַר, שלמה גאַרפינקל, מוליע בערלינסקי, ישראל קאַראַבאַטשקאַ, יצחק פרימאַן, יצחק וואלק (איציק פיניעס), משה וויינבלאַט, יצחק סאַנדבערג, מאיר שטיין, ראובן דראַך, שלמה זאַנדוויס א.א.

יושב־ראש פון דער ועדה פאַר קרן־היסוד איז געווען, ביז זיין אָפּפאָר קיין א"י אין יאָר 1930, ה' שמואל זינגערמאַן. נאָכדעם האָט אים פאַרטראָטן ה' שמריהו גערשונאַק. אין די יאָרן פון ה' גערשונאַק'ס אמטירן איז געווען מזכיר ה' שלמה זאַנדוויס.

די סאַרנער ועדה פון קרן־היסוד האָט אדורכגעפירט די מגבית אויך אין קלעסאָוו. אין קלעסאָוו איז די אַרבעט פון דער מגבית צוגעגאַנגען גאַנץ לייכט און שנעל, כמעט בלויז אייניקע שעה'ן, ווייל זי איז שוין געווען צוגעגרייט דורך די אָרטיקע עסקנים. נאָכן אָנקומען פון די חברי הועדה פון סאַרני, זענען די פאָרלעך מתרימים באַלד ארויס אין די גאסן פון קלעסאָוו און דורכגעפירט די התרמה. די עסקנים פון קלעסאָוו זענען געווען די ברידער אברהם און מרדכי טורקעניץ, מאַנעס סאָסניק, שולנער, די ברידער שיינטוך, די ברידער מאַרדער, אהרן גענדעלמאַן און בירשטיין.

### קרן הגאולה וקרן העבודה

נאָך דער באשטעטיקונג פון דער באַלפור דעקלאַראַציע אין סאַן רעמאָ, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין גאַנץ וואַלין — ובתוכה אויך אין סאַרני — א וואָך פאַר דער מגבית "קרן הגאולה". די מגבית איז דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג און מיט גרויס ענטוזיאַזם. פיל מענער און פרויען האָבן אליין געבראַכט צו דער ועדה חוץ געלט־תרומות אויך צירינג, ווי גאָלדענע קידושין־רינגלעך, אויעררינגלעך און גאָלד־מטבעות. ס'זענען געווען פאַלן, ווען אין שול ביי די רעדעס פון די עסקנים האָבן פרויען אויפן אָרט ארונטערגענומען פון זיך דאָס צירונג און צוגעטראָגן אלס תרומה.

אין יענע יאָרן — 1921/22 — איז אויך אדורכגעפירט געוואָרן א גרויסע זאַמלונג פאַרן "קרן העבודה". ס'זענען געזאמלט געוואָרן אלערליי מעטאלן און מכשירים — כלי עבודה. די גאנצע יידישע באפעלקערונג האָט זיך זייער ווארם אָפּגערופן אויף דער אקציע. כמעט פון יעדן הויז האָט מען געבראכט מכשירים און די אייזן־קרעמער האָבן געשענקט מכשירים פון זייערע קראָמען. עטלעכע מיטגלידער פון ועד האָבן באזוכט די שטיינהאקריי אין קלעסאָוו, וועלכע האָט געהערט צו דער באוווסטער פאמיליע פיינשטיין פון קאָוועל, און דער לייטער פון דער אונטערנעמונג ה' לייביש פרימער האָט געשענקט פיל נוצלעכע מכשירים. אלע געזאַמלטע כלים און מכשירים זענען געשיקט געוואָרן קיין ווארשע.

## רעליגיעזע אנשטאלטן, אדמו"רים, רבנים א. אנד. כלי־קודש

נאָך דער פטירה פון דעם שטאָט־רב, הרב מתתיהו קאבאטשניק (1918), איז אין סארני א לענגערע צייט, ביזן יאָר 1920, ניט געווען קיין רב. די צייט איז געווען אַן אומרואיקע, און די שטאָט איז עטלעכע מאָל איבערגעגאנגען פון איין מאכט צו דער צווייטער. ס'זענען געווענלעך געקומען פיל רבנים־קאנדידאטן, און די גבאים און אנדערע אויטאָריטאטיווע מענטשן האָבן אַרום דעם געפירט אונטערהאנדלונגען. אין דער תקופה, ווען קיין רב איז אין שטאָט ניט געווען, פלעגט מען אין אלע שאלות זיך ווענדן צו דעם ראש ישיבה הרב חיים מענדל קאסטראמעצקי, וועלכער איז געווען נישט נאָר א גדול בתורה און א גרויסער ירא שמים, נאָר אויך אַן אוהב הבריות און א תלמיד חכם שלא נמצא רבב על בגדו. ער איז געווען איינער פון די עמודי התווך פון די סטאָלינער חסידים, און דער רבי ר' ישראל'קע (דער ינוקא) האָט אויף אים געזאָגט: "ווויל איז אונדז וואָס מיר האָבן ביי זיך אזא קליין ספר־תורהלע". סארנער בעלי־בתים האָבן זיך דאַן געווענדעט צו אים ער זאָל אָננעמען דעם כסא רבנות, נאָר ער האָט זיך אנטזאגט.

אין יענער צייט איז פון קיעווער זייט אָנגעקומען קיין סארני פיל פליטים, וועלכע זענען אנטלאָפן פון די דאָרטיקע אוקראינישע כוליגאנעס. מיט די פליטים איז אויך אָנגעקומען דער אלעווסקער רב, הרב אהרן קונדא. הרב קונדא איז געווען באוווסט אין אָלעווסק ווי אויך אין דער סביבה אלס א גרויסער למדן און ירא שמים און האָט געפירט זיין כסא רבנות פיל יאָרן לכבוד ולתפארת, אלס ממלא מקום נאָך זיין פאָטער הרב זלמן קונדא.

די סטאלינער חסידים האָבן נאטירלעך געוואָלט אז הרב קונדא זאָל פארנעמען דעם כסא רבנות נאָכן פארשטאָרבענעם רב קאבאטשניק, נאָר די גבאים פון די אנדערע שולן האָבן ניט איינגעשטימט אז א סטאלינער חסיד זאָל ווערן שטאָט־רב און זאָל האָבן א דעה איבער אלע שולן און חסידים.

צווישן די אנדערע קאנדידאטן איז אויך געווען הרב משה העכטמאַן, וועלכער איז פריער געווען רב אין רובליע (נעבן סטאָלין). הרב העכטמאַן האָט שטארק אויסגענומען אין סארני מיט זיין שיינעם פאטריארכאלישן אויסזען און מיט זיינע אינהאלטרייכע דרשות, וועלכע ער האָט געהאלטן אין דער גרויסער שול. נאָר איין חסרון האָט ער געהאט — ער איז געווען א מתנגד. פארשטייט זיך אז די סטאלינער חסידים האָבן בשום אופן ניט געוואָלט איינשטימען אויף אים. אזוי ארום זענען פון יאָר 1920 געבליבן אין סארני צוויי רבנים: הרב אהרן קונדא און הרב משה העכטמאַן. ביידע רבנים האָבן געפירט זייער רבנות ביזן לעצטן טאָג פון סארנער אונטערגאנג.

הרב העכטמאן איז באשטימט געוואָרן דורך דער פוילישער מאכט אלס רעגירונג־רב (רב מטעם). ער האָט אָנגעהויבן איינפירן מעטריקאַלע ביכער, וועלכע זענען ביז דאַן געפירט געוואָרן אין דאמבראָוויץ. ער פלעגט אויך באַשווערן די יידישע זעלנער פון דעם סאַרנער גאַרניזאָן, ווען זיי זענען אָפיציעל אריין אין מיליטער־דינסט.

ביידע רבנים האָבן געפירט זייער עדה געטריי און האָבן זיך פיל אָפּגעגעבן לטובת הכלל. זייערע הייזער זענען געווען אָפן פאַר אַלע ליידנדיקע. ווער ס׳האָט געהאַט שווערע משפחה־ענינים אָדער אַנדערע שווערע אָנגעלעגנהייטן — האָט זיך געווענדעט צו זיי נאָך ראַט און הילף. און ניט איינמאָל האָט מען געזען די צוויי באַליבטע רבנים ארומדרייען זיך אין די גאַסן אין די שווערע ווינטער טעג, אין שנייען און בלאָטעס און קלייבן נדבות פאַר א נויטבאַדערפטיקער משפחה, פאַר אַן אָרעמע חתונה, אָדער פאַר אַן אַנדערן נויטיקן צוועק.

גרויס איז געווען זייער אָנטייל אין דער מעות־חיטין אקציע. זיי צוזאַמען מיט די געטרייע עסקנים, די שוחטים ה׳ שלמה גאמערמאַן און פסח־אליה כץ מיט זיינע צוויי איידעמס נח און נטע, ר׳ פנחס זאַנדוויס, אָשר אהרן גאַמפּעל, אהרן מיאַסניק, אָשר גייפמאַן, נח פּערלשטיין, מאיר פרענקל און אַנדערע האָבן געזאָרגט ס׳זאָל חלילה ניט בלייבן קיין משפחה אָן מצות.

די רבנים זענען ניט געווען קעגנער פון ציונות. זייערע קינדער זענען געווען אקטיוו אין יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אין יאָר 1928 האָט איינער פון די זין פון הרב קונדא עולה געווען קיין א״י. שפּעטער האָט אויך עולה געווען שיינדל, איינע פון הרב העכטמאַנס טעכטער. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר טעטיקייט פאַר ציונות די משפחה פון הרב העכטמאַן.

שוחטים זענען פאַקטיש געווען צוויי: ר׳ שלמה גאַמערמאַן און ר׳ פסח־אליה כץ, וועלכער איז אָנגעקומען קיין סאַרני פון האראַדאָק נאָך פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה. זיי האָבן געהאַט זייערע געהילפן: ר׳ שלמה גאַמערמאַנען האָט געהאָלפן זיין זון זיסקינד, און פסח־אליה׳ן האָבן געהאָלפן זיינע ביידע איידעמס, נח און נאַטע, ווי אויך זיין זון. זיי זענען געווען גרויסע מומחים אין זייער פאַך. אַזוי האָבן אויך עדות געזאָגט אַלע רביים און רבנים פון דער סביבה. זיי זענען אויך געווען גוטע מוהלים, נאָר מער פון אַלעמען זענען זיי געווען גוטע, געטרייע, האַרציקע יידן.

וועגן שלמה גאַמערמאַן און זיין פאָטער ר׳ זיסקינד איז שוין דערמאָנט געווען אין די פריער־דיקע קאַפּיטלען. ס׳איז ניט געווען קיין איין חברה של צדקה ווו זיי האָבן ניט אָנטיילגענומען. סאַרני האָט אויך זוכה געווען מיטן צווייטן שוחט, ר׳ פסח־אליה. ער איז געווען א מזג טוב, א למדן, א חסיד ומעורב עם הבריות. צוזאַמען מיט שלמה גאַמערמאַן פלעגן זיי דורכפירן אַלע געלט־זאַמלונגען לצרכי העיר. מעשי אבות סימן לבנים: זייערע קינדער און איידעמס זענען געגאַנגען אין זייערע דרכים. אַזוי פלעגט מען זען אין שטאָט ביידע פסח־אליה׳ס איידעמס, נח און נאָטע, גייען זאַמלען געלט. בראש פון זייערע זאָרגן זענען געווען די ישיבה און תלמוד תורה. חוץ דעם וואָס נח און נאָטע פלעגן אליין זאָגן א שיעור פון חומש און רש״י, גמרא און תוספות, פלעגן זיי צוזאַמען מיט אייניקע בעלי־בתים ווי ר׳ פנחס זאַנדוויס, ר׳ שמחה האָוער, ר׳ אהרן זוליאַר, ר׳ אהרן מיאַסניק, יעקב ראָזנבערג, אָשר אהרן גאַמפּל א.א. זאָרגן וועגן גאַנצן בודזשעט פון ביידע רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטן. איינער פון די אָנגעזעענסטע מלמדים פון תלמוד תורה איז געווען ר׳ הערשל טורקעניץ (הערשל דער פלאַטניצער), א ייד א למדן און ירא שמים.

## סופרי סת״ם

ווער האָט ניט געקענט אין סאַרני שלמה׳קע דעם סופר, איינער פון די באַוווּסטע סופרי סת״ם אין סאַרנער סביבה, א גרויסער חסיד וירא שמים, תמיד געזעסן על התורה ועל העבודה און תמיד געווען א גרויסער קבצן. די מתפללים פון דער סטאָלינער שול האָבן אים ממנה געווען אויך אלס חזן, הגם קיין קול האָט ער ניט געהאַט — ניט צום דאַוונען און ניט צום זינגען. די כוונה זייערע איז געווען צו שאַפן פאַר אים פּרנסה. דער רב, הרב אהרן קונדא, האָט אים אויך פיל אונטערגעהאַלטן און ממליץ געווען אויף אים אויף אַלע שמחות און בריתן, חתונות און גטן און אַנדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס. די מתפללים פלעגן אים צאָלן חודש־געלט און דאָך איז ער געווען א גרויסער קבצן, א מטופל מיט קינדער. צו עבודת הבורא האָט זיין קבצנות אים ניט געשטערט; ער פלעגט טאַקע שמחת תורה און פורים זיין פון די התלהבותדיקע טענצער, וועלכן אַלע פלעגן באַוווּנדערן.

## אדמו״רים

נאָך דער פטירה פון אדמו״ר ר׳ יאָסעלע פּעטשעניק אין יאָר 1918, האָבן זיך מער קיין אדמו״רים אין סאַרני ניט באַזעצט. דאַקעגן דאָס צוריזן פון אדמו״רים אויף שבתים קיין סאַרני האָט זיך פאַרגרעסערט. ביז דעם יאָר 1921/20 פלעגן באַזוכן סאַרני די אדמו״רים ר׳ ישראל פּערלאָוו ז״ל, דער סטאָלינער רבי און ר׳ שמואל׳יק פּעטשעניק ז״ל — דער בערעזנער רבי. נאָך דער הסתלקות פון די אדמו״רים האָבן אָנגעהויבן קומען קיין סאַרני זייערע ממלאי מקום. פון דער סטאָלינער דינאַסטיע פלעגן קומען ר׳ משה׳לע פון סטאָלין און ר׳ מלך׳קע פון קאַרלין, און איין מאָל אין יאָר אויף א שבת פלעגט קומען דער עלטערער זון פון ר׳ ישראל פּערלאָוו, ר׳ אשר׳קע, וועלכער האָט ניט באַוויליקט אָנצונעמען דעם כסא האדמו״רות נאָך דער פטירה פון זיין פאָטער. ר׳ אשר׳קע האָט קיין חסידים ניט געהאַט. צו אים פלעגן מערסטן קומען די קאַרלינער חסידים און די פאַרערער פון סטאָלינער הויף.

פון דער בערעזנער דינאַסטיע פלעגן קומען קיין סאַרני ר׳ איציקל פּעטשעניק, דער עלטערער זון פון ר׳ שמואל׳יקלען.

אויך האָט אָנגעהויבן באַזוכן סאַרני ר׳ וועלוועלע טווערסקי — דער זון פון ר׳ יעקב לייבוניו דעם טריסקער רבי׳ן, וועלכער האָט געוווינט אין קאָוועל.

חוץ די דערמאָנטע אדמו״רים האָבן באַזוכט סאַרני א פּאָר מאָל דער סטעפּאַנער רבי און דער סאַסאָווער רבי. הגם דער סאַסאָווער רבי האָט געוווינט אין גאַליציע און האָט ניט געהאַט קיין חסידים אין סאַרנער געגנט, איז ער דאָך געווען באַליבט און פּאָפּולער נאָך זיין ערשטער רייזע צו זיין מחותן הרב ר׳ נחומקע פּעטשעניק (דער צווייטער זון פון אדמו״ר ר׳ שמואליק׳ל מבערעזנא), רב אין דאַמבראָוויץ, און פון 1927 ביז 1939 — רב הקהילה פון סאַרני און סביבה.

אויך פלעגן באַזוכן סאַרני די אדמו״רים פון דער צווייטער בערעזנער דינאַסטיע — די צוויי זין פון אדמו״ר ר׳ חיימקע טויבמאַן, ר׳ אהר׳לע און ר׳ גדליה׳צע, ווי אויך דער קאַרעצער רבי ר׳ לייזערקע ירושלימסקי — דער פאָטער פון ציוניסטישן עסקן ר׳ שמואל ירושלימסקי (דעם איידעם פון הרב העכטמאַן).

צווישן די פּאָפּולערע ישיבות אין סאַרנער געגנט איז געווען די ישיבה פון זוויהל, אין

וועלכער א סך בחורים פון סארני און סביבה האָבן געלערנט, צווישן אנדערע: נח פערלשטיין, משה׳ל גאמערמאן, משה בורקא, שלמה זאנדוויים, חיים אווערביך, סלוצקי.

איינער פון די תלמידים איז געווען שלמה׳קע דער שוחט (שלמה גאמערמאן). איינמאָל אין יאָר אויף א שבת פלעגט קומען צו אים אין שטוב דער ראש הישיבה, הגאון ר׳ יואל שאָרין, אָדער ווי מ׳פלעגט אים רופן ״דער פאלטאווער עילוי״. אויף דעם שבת פלעגן אָנקומען קיין סארני זיינע תלמידים פון דער סביבה, בתוכם הרב פנחס גודלמאן, רב פון ראפאלאווקע, טוביה דער שוחט פון דאמבראוויץ און פיל אנדערע. די דרשות פונם עילוי האָבן צוגעצויגן פיל צוהערער. נאָך שבת פלעגט דער עולם אריינטראָגן זיינע תרומות ביד רחבה צו שלמה׳ן דעם שוחט, אָדער ס׳פלעגן ארויסגיין אייניקע פון די געוועזענע תלמידים, בראש מיט נח פערלשטיין, און פלעגן מתרים זיין דעם עולם לטובת ״בית אולפנא רבא אור תורה בזוויהל״.

נאָך דער פטירה פון דעם עילוי ז״ל האָבן ממשיך געווען זיין עבודת הקודש אין דער ישיבה זיין איינציקער זון יאָסעלע און זיין עלטסטער אידעם ר׳ ברוך מרדכי. די ישיבה איז אין יאָר 1920/21 אריבער פון זוויהל (וועלכע איז געבליבן אויף דער סאָוועטישער זייט) קיין קארעץ.

אין סארני איז אויך געווען טעטיק א פאַרשטייערשאפט פון ״ועד הישיבות״ אין פוילן (בראש פון וועלכן ס׳איז געשטאנען הרב ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי). אויפן נאָמען פון ועד הישיבות האָט פיגורירט די סארנער ישיבה און תלמוד־תורה. ראש ישיבה איז געווען ר׳ חיים מענדעלע קאסטראמעצקי, וועלכער איז געווען ראש ישיבה אין לאדמיר. נאָך זיין אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל האָט זיין אָרט פארנומען זיין תלמיד ר׳ ישראל׳יקל.

אין ועד פון סארני זענען געווען טעטיק ר׳ פיניע זאנדוויים, אשר אהרן גאמפעל, מייציע לעווין, שמחה חבר, פסח־אליה שו״ב, זיינע ביידע אידעמס — נח און נאָטע גלויבערמאן, אהרן מיאסניק, אהרן קניזשניק און אנדערע.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען דעם דורכפאָרן דורך סארני פון חפץ חיים פון ראדין, ווען ער איז געפאָרן קיין ראָוונע צו דער אסיפת הרבנים וגדולי התורה. די באן סטאציע איז געווען באלאגערט פון מענטשן פון סארני און אומגעגנט, וועלכע האָבן געוואָלט זען דעם חפץ חיים און זוכה זיין אים אָפּגעבן שלום. דער צוג פון לונינִיעץ פלעגט זיך פארהאלטן אין סארני 15—20 מינוט. א גרויסער עולם האָט זיך אריינגעשטופּט אין וואגאָן, אין וועלכן דער חפץ חיים איז געפאָרן. די ענגשאפט איז געווען אזוי גרויס, אז מ׳האָט ניט געקענט זיך צוריק ארויסבאקומען. דערוויייל האָט די באן זיך גערירט פון אָרט און פיל מענטשן האָבן געמוזט מיטפאָרן ביז ראָוונע.

די רעליגיעזע אנשטאלטן, שולן, בתי מדרשים, חברה קדישא, האָבן זיך געפירט אָן א צענט־ראלער קערפּערשאפט, ביז ס׳איז דערשינען די פאַראָרדנונג פון דער פּוילישער מאכט וועגן אָרגאניזירן די ידישע קהלה.

## בעלי־מלאכות און הארעפאשניקעס

### קירזשנער (היטלמאכערס)

זענען געווען אין סארני עטלעכע, אלע אָרענטלעכע און סאָלידע בעלי־מלאכות: הערשל פלאָטניק, דער מיטגליד פון דער דראמאטישער סעקציע, דיכטיאר (קוזין פונם מנהל ביה״ס תרבות), שמאי לאנגער און אנדערע.

דער פּאָפּולערסטער פון זיי אלע איז געווען ר׳ מענדל לאופער, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן ״מענדל דרייפוס״. פארוואָס האָט מען אים גערופן דרייפוס, איז קיינעם ניט געווען באַוווסט. ער איז געקומען קיין סארני פון דאָמבראָוויץ, ווו ס׳האָט געהערשט די טראַדיציע צו געבן יעדן א צונאָמען. די ליצני העיר אין דאמבראוויץ האָבן געשאפן פארשידענע אָריגינעלע צונעמען: דער דינסטיק, דער מיטוואָך, דער אנטיק, דער האלבער גאָט, שמאלצקא. אזוי איז אויך ה׳ לאופער אויפגענומען געוואָרן אין סארני מיט זיין צונאָמען ״דרייפוס״.

ר׳ מענדל לאופער איז געווען א פארמעגלעכער ייד און אן אנגעזעענער מענטש אין שטאָט. באזיצט אן אייגענעם מויער אין צענטער פון שטאָט אויף קופּיעצקע גאס און געפירט א היטל־געשעפט. ביי אים האָט מען באקומען די בעסטע הוטן, קאראקולענע און קאטיקאווע ווינטער קוטשמעס און אנדערע פוטער־היטלען, וועלכע ער האָט געבראכט גרייטע פון ווארשע. ער האָט אויך געפירט א ווארשטאט און באשעפטיקט אייניקע ארבעטער. ר׳ מענדל איז געווען איינער פון די גבאים פון דער גרויסער שול, א געטרייער ציוני כללי, מיטגליד פון ועד הציוני העירוני, מיטגליד פון ועד פון גמילות חסדים קאסע. אין אלע אנשטאלטן איז ער געווען טעטיק און געטריי מיטגעארבעט. ער האָט אויך געשפענדעט מיט אן אָפענער האנט אויף אלע געזעלשאפט־לעכע צוועקן (זיין בילד איז געהאָנגען נאָך זיין טויט אין דער גמ״ח־קאַסע אלס אָנדענק).

ר׳ מענדל איז געווען באַליבט און געשעצט דורך דער גאנצער סארנער באפעלקערונג, סיי יידן און סיי קריסטן. ער איז געווען אַ העכסט אָרנטלעכער און סאָלידער מענטש, שיין און ריין געקליידעט, פלעגט ליב האָבן זיך וויצלען אויף זיין אייגענעם חשבון און זיין פּאָך. ער פלעגט אָפט זאָגן, אז ״א קירזשנער און א פוקס זענען צוויי קלוגע חיות״. ער פלעגט אָנטיילנעמען אין אלע זיצונגען, וועלכע האָבן געהאט א שייכות מיט קהל׳שע ענינים: א ווינטער־אקציע פאר נצרכים אָדער ״מעות חיטין״, ענינים פון שולן, בתי מדרשים, וואלן צום שטאָט־ראט און צו דער קהילה, צו ציוניסטישע קאָנגרעסן, קרן־היסוד אקציעס.

אין יאָר 1927, נאָך א זיצונג פון דער וואל קאָמיסיע צו דער קהילה, אין וועלכער ער האָט אָנטייל גענומען, האָבן מיר אים צוגעפירט ביז צו דער טיר פון זיין הויז און הארציק זיך געזעגנט מיט אים. ער איז אריין אין שטוב און א זאָג געטאָן צו זיין פרוי, אז ס׳איז אים ניט גוט. באלד איז ער אנידערגעפאלן און אויסגעהויכט זיין אידעלע נשמה.

## בעלי־עגלות

5 שותפים זענען זיי געווען: ר׳ יהודה לאנגער, ר׳ איציע גלעקל, ר׳ בעניע גלעקל, ר׳ טוביה און ר׳ משה גאלצמאַן.

צענדליקער יאָרן האָבן זיי געפירט זייער שותפות אין פולן צוטרוי. זיי האָבן אלע שווער געהאָרעוועט און כשר פארדינט זייער פרנסה. זיי האָבן פארלאָדן און איבערטראנספּאָרטירט הונ־דערטער וואגאָנעס מיט ווערטפולע סחורות, און קיינמאָל איז קעגן זיי ניט געווען קיין טענות. דער צוטרוי צו זיי איז געווען אומבאגרענעצט. בראש פון די שותפים זענען געשטאנען ר׳ יהודה לאנגער און ר׳ איציע גלעקל. נאָך דער פטירה פון ר׳ איציע, האָט זיין אָרט פארנומען זיין ברודער בעניע.

ר׳ יהודה לאנגער איז געווען א גבאי אין בערעזנער שול, גבאי פון חברה קדישא און אנדערע חברות. אין זיין הויז פלעגן פארפאָרן די בערעזנער אדמו״רים, און די שבתים פלעגן דאָרט זיך

פירן ביד רחבה. אז ס׳איז נויטיק געווען צו העלפן א מענטשן, פלעגט ר׳ יהודה איבערלאָזן די ארבעט, אָנטאָן זיין שווארצע קאפּאָטע און גיין אָפּטאָן די מצוה. ווען ער פלעגט אָפּלאָדן וואגאָנעס האָלץ אָדער שטיינער, האָבן שוין די אייגנטימער געוווסט אז מען דארף אים געבן מעשר — האָלץ פאר דער בערעזנער שול, שטיינער פארן יסוד פון טהרה־שטיבל, הכנסת־אורחים אָדער אנדערע שטאָטישע בנינים. ר׳ יהודה איז געווען באליבט ביי דער גאנצער באפעלקערונג. זיינע הליכות זענען געווען שיין און רואיק. אזוי האָט ער אויך דערצויגן זיינע זין, אלתר און שמאי.

ר׳ איציע גלעקל איז געווען א שטילער און רואיקער ייד. ער און זיין פרוי זענען געווען באוווסט אלס מכניסי־אורחים. ווען זיי האָבן שפּעטער אויסגעבויט די ברויט־בעקעריי און די ערשטע מעכאנישע מצות־בעקעריי, פלעגן זיי צעטיילן פיל געבעקס, ברויט און מצות פאר נויט־באדערפטיקע (די פרוי גלעקל פלעגט צעטיילן געבעקס אלס מתן בסתר).

ביז ס׳איז אויסגעבויט געוואָרן די מעכאנישע מצה־בעקעריי פלעגט מען באקן מצות אין גאָרקיכן. די צוויי גוטע גאָרקיכן זענען געווען ביי ר׳ חנניה דראך און ביי ר׳ יוסף דעם בעליאטיטשער. גלעקל׳ס בעקעריי איז נאָך דער פטירה פון די עלטערן אריבער צו זייער יונגסטן זון יענקל, וועלכער איז אין עניני צדקה, און אויך אלס אָנגע־זעענער תורם פאר קק״ל און קרן־היסוד, געגאנגען אין זיינע עלטערנס דרכים. יעקב גלעקל איז אויך געווען אן אקטיווער מיטגליד פון פועלי־ציון צ.ס., און פון ״תרבות״. דאקעגן דער עלטערער זון, מרדכי, האָט זיך ניט אָפּגעגעבן מיט די מסחר ענינים. נאָכן לערנען ביי די בעסטע לערער אין סארני, איז ער געפאָרן זוכן תורה אין די גרעסערע שטעט: ער האָט געלערנט אין קיעוו — אין ישיבת הרב אהרונסון, אין לידא — אין ישיבת הרב ריינעס, שפּעטער — אין אָדעס, און אויך אין ווילנער סעמינאר. נאָך פון די חדר יאָרן איז מרדכי געווען א מתמיד און אזוי האָט ער ממשיך געווען אלע יאָרן. נאָכן ענדיקן דעם לערער־סעמינאר איז ער געווען מנהל פון בתי־ספר ״תרבות״ אין אייניקע שטעט אין פוילן. די לעצטע 10 יאָר פאר דער צווייטער וועלט מלחמה איז ער געווען מנהל פון ביה״ס ״תרבות״ אין סטאָלין. דאָרט איז ער געווען אקטיוו אין דער ציוניסטישער פארטיי און אין אלע קולטור אנשטאלטן. זיין פרוי, חייקה דענענבורג, איז אויך געווען באקאנט אלס טיכטיקע חברה פון דער סארנער ציוניסטישער אָרגאניזאציע און פון דער ועדת הקק״ל. אויך אין סטאלין האָט זי אקטיוו מיטגעארבעט מיט איר מאן אין ציוניסטישער ארבעט, ווי אויך אין תרבות ענינים. (זיי ביידע מיט זייער איינציקער טאָכטער זענען דער־מאָרדעט געוואָרן דורך די נאצישע רוצחים אין סטאלין).

ר׳ איציע גלעקלס יונגערער ברודער, בעניע, האָט זיך ניט פיל פארנומען מיט קהלשע ענינים. דאָך איז ער אָפּט געווען טעטיק ביי דער חברה קדישא, ביים זאמלען א נדבה פאר א נויטבאדערפ־טיקן אָדער אנדערע ענינים פון דער בערעזנער שול. בעניע איז געווען א שטילער און אָרנטלעכער מענטש. מאטעריעל איז ער געווען גאנץ גוט סיטואירט, פארמאָגט 3 הייזער מיט אייניקע שכנים.

ר׳ טוביה איז געווען א טיכטיקער עסקן אין אייניקע חברות: חברה קדישא, חברה תהלים, לחם עניים, גמ״ח. אויך ער איז געווען מאטעריעל גוט סיטואירט, און געווען געשעצט אלס אָרנט־לעכער מענטש.

זענען אין סארני געווען א צען — אלע אָרנטלעכע יידן און גוטע פאכלייט. זיי זענען געקומען קיין סארני פון די דריי באוווסטע ידישע קאָלאָניעס אין אונדזער געגנט: אסאווע, זאלוצק און אָליזאַרקע (ביי ראפאלאָווקע), ווו זייערע עלטערן און אורעלטערן האָבן זיך פארנומען מיט ערד ארבעט. אפילו אין די דאָקומענטן פון דער צארישער מאכט און שפּעטער אויך פון דער פּוילישער זענען זיי געווען פארשריבן אלס "זיעמליעדעלצי" — ערדארבעטער, און אין פּויליש: "ראלניצי". אין יענער צייט איז אזא פאל געווען א זעלטענע דערשיינונג. חוץ ערדארבעט האָבן א סך יידן פון די שטעטלעך זיך פארנומען מיט מוליארייִ.

די ערשטע זענען אָנגעקומען קיין סארני די ברידער מענדל און וואָלף פאבריקאנט. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער זענען געקומען ר' ישראל ראָזנפעלד פון אָליזאַרקע, ר' פּנחס לין א.א. די ברידער פאבריקאנט און ביידע זין פון דעם עלטערן ברודער האָבן אלע יאָרן געארבעט צוזאמען, טריי און סאָליד און זענען געווען געשעצט ביי דער סארנער באפעלקערונג. די ברידער פאבריקאנט זענען געווען מומחים אין זייער פאך, האָבן אויסגעפירט די גרעסטע בוי־ארבעטן. זיי האָבן אויסגעבויט די גרעסטע טייל פון סארנער הייזער, שולעס און אנדערע קהלשע בנינים. זיי זענען געווען מתפללים אין דער בערעזנער שול.

## טעסלארעס און סטאָלארעס

די ארבעט פון די טעסליארעס איז געווען זייער א שווערע. אין די יאָרן ווען אין אונדזער געגנט זענען נאָך כמעט קיין טארטאקן ניט געווען, האָבן די טעסלארעס געמוזט מיט די הענט האקן די גראָבע קלעצער און זיי פארוואנדלען אין געטעסעטע ברוסן, פון וועלכע מען האָט געבויט די הייזער. נאָך שווערער איז געווען צו טעסען די גראָבע דעמבענע קלעצער, פון וועלכע מען האָט געמאכט די פונדאמענטן פון די הייזער. נאָכן צוגרייטן דעם גאַנצן האָלץ־מאַטעריאַל האָבן די טעסלארעס צונויפגעשטעלט דאָס הויז לויטן געצייכנטן פלאַן.

דאָס איז געווען א שווערע און אויך קאָמפּליצירטע בוי ארבעט. די מערסטע טייל פון די הייזער אין סארני ווי אויך אין דער סביבה זענען געווען געבויט פון האָלץ מאטעריאל. עס זענען זאָגאר געווען צוויי־שטאָקיקע געביידעס פון האָלץ מאטעריאל, ווי צום ביישפּיל דער בית־הספר "תרבות" און די "אָרט" שולע.

טעסלארעס זענען אין סארני געווען עטלעכע, און כמעט אלע האָבן געהערט צו דער משפחה טענדלער, וועלכע איז געווען א זייער פארצווייגטע. יעדער איינער פון זיי איז געווען באוווסט אלס גוטער און אָרנטלעכער בוי מייסטער.

צווישן די אויבן דערמאָנטע בעלי מלאכות זענען געווען:

ר' נחמן טענדלער, וועלכער האָט געארבעט מיט זיין זון יוסף און האָט געוווינט ביי דער גרויסער שול;

ר' יוסף טענדלער מיט זיינע צוויי זין, וועלכע האָבן געוווינט נעבן רב העכטמאַן;

צוויי ברידער טענדלער, וועלכע האָבן געוווינט אויף דער בארמאצקע, און שכר (יששכר) טענדלער מיט זיין זון בערל, וועלכער האָט געוווינט נעבן דער סטאָלינער שול.

שכר טענדלער איז געווען א שטילער רואיקער ייד, פון וועלכן מ'האָט קיינמאָל ניט געהערט

קיין הויכן אויפגערעגטן קול. אויך זיינע קינדער האָט ער דערצויגן צו אָרנטלעכקייט און שטרע־בונג צו בילדונג.

ר׳ ישׂשכר האָט געהאַט 5 קינדער, דריי זין און צוויי טעכטער. בלויז דער עלטערער זון, בערל, איז פאַרבליבן ביי דעם פאַך. די אנדערע צוויי זין, אברהם און יוסף, האָבן נאָך אין זייערע יוגנט־יאָרן זיך אוועקגעלאָזט אין דער וועלט צו זוכן קוואַלן פון תורה. זיי האָבן געלערנט פריער אין קיעוו און שפּעטער אין אָדעס.

יוסף האָט געענדיקט א הויך־שול, איז פאַרבליבן אין רוסלאַנד און געוווינט אין חאַרקאָוו, דאקעגן אברהם איז צוריקגעקומען קיין סאַרני און האָט אָנגעהויבן מרביץ תורה זיין ברבים, צוערשט דורך פּריוואַטע לעקציעס און שפּעטער אלס לערער אין ״תרבות״־שולע און אויך אין ״אָרט״. הגם זיין הויפּט־פּאָסטן איז געווען אין ״תרבות״־שולע (אין ״אָרט״ האָט ער געגעבן בלויז איניקע שעה׳ן), ווו מ׳האָט געלערנט בלויז עברית און דערצויגן די תלמידים צו ציונות און חלוציות, איז אברהם טענדלער — דער מלא וגדוש אין דער עברית־ליטעראַטור — ווייט געווען פון ציונות און האָט זיך פאַרנומען מיט ידישיזם.

נאָכן קריג איז ער צוריקגעקומען א צעבראָכענער אלטער מאַן פון רוסלאַנד קיין סאַרני. ער האָט באַגעגנט איניקע פון די שארית הפליטה, זיינע געוועזענע תלמידים, וועלכע זענען אויך געקומען קיין סאַרני זוכן א קרוב אָדער באַקאַנטן און האָבן געפונען נאָר די 3 ברידער קברים. אלע האָבן דאַן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם עמק הבכא און זיך לאָזן בדרכים לא דרכים כדי זיך דערלאַנגען קיין ארץ־ישראל. ערשט דאַן האָט ער געזאָגט: יא, ״נצחוני, בני!״ מיינע תלמידים זענען טאַקע גערעכט. פאַרט קינדער וואָס שנעלער, אָבער פאַר מיר איז שוין ליידער צו שפּעט!

זיין איינציקער זון איז געפאַלן אין וועלט קריג, די טאָכטער האָט חתונה געהאַט און איז פאַרבליבן אויפן אָרט, אזוי ארום האָט ער געמוזט רעזיגנירן פון קומען קיין ארץ־ישראל.

ר׳ שכרס ביידע טעכטער האָבן חתונה געהאַט מיט סאַרנער בחורים. די עלטערע טאָכ־טער האָט חתונה געהאַט מיט יוסף ספּיוואַק און האָבן זיך שפּעטער באַזעצט אין ראַקיטנע, און די יינגערע האָט חתונה געהאַט מיט אברהם אהרון דווארעצקי — דעם טיכטיקן עסקן פון פּועלי־ציון, מיטגליד פון א ריי ציוניסטישע און קולטורעלע אנשטאלטן, און איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער סאַרנער דראַמאַטישער סעקציע (וועגן אברהם דווארעצקי איז שוין דערמאַנט געוואָרן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען).

★

סטאַליאַרעס זענען אין סאַרני געווען עטלעכע צענדליק. איך וועל זיך אָפּשטעלן בלויז אויף איניקע, וועלכע זענען געוואָרן מער איינגעקריצט אין מיין זכרון.

ניט אלע געדענקען דעם שיינעם געפּוצטן ייד מיט זיין שיין געקעמטער קורצער באָרד — ר׳ בן־ציון וואַלקון, וועלכער האָט געוווינט אין אַן אייגן הויז נעבן דער בערעזנער שול. אין די ערשטע יאָרן פון סאַרנער אויפבוי האָט זיך ר׳ בן־ציון גערעכנט אלס איינער פון די בעסטע בעלי מלאכות ווי אויך פון די בעלי בתים, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דער אויפבויאונג פון סאַרנער בתי מדרשים און אנדערע קהל׳שע געביידעס און אינסטיטוציעס. ר׳ בן־ציון איז געווען געשעצט און באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג און בפרט ביי דער ציוניסטישער יוגנט, וועלכע פלעגט ביי אים באַקומען אלע תרומות בסבר פנים יפות. ער האָט נישט געהערט

צו קיין שום ציוניסטישער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, ער האָט אָבער ליב געהאַט ארץ־ישראל און יעדע עסקנות ארום דעם. ווען ער האָט נאָר דערלעבט אז די ערשטע וועלט קריג האָט זיך געענדיקט, און ביי דער פּוילישער מאַכט האָט זיך געשאַפן די ערשטע מעגלעכקייט צו עליה קיין ארץ־ישראל, האָט ר׳ ב״צ פאַרקויפט זיין פאַרמעגן און אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט זיין פרוי. דאָ זענען ער און זיין פרוי נפטר געוואָרן בשיבה טובה.

ר׳ קאָפּל פּראַל איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען אלס עסקן פון ״חברא קדישא״. אלע ייִנגערע סאַרנער מענטשן געדענקען ר׳ קאָפּלען מיטן אָפּגעהאַקטן פינגער פון זיין רעכטער האַנט, אין וועלכער ער האַלט די צדקה פּושקע און שרייט ביי די לוויות ״צדק לפניו יהלך וישים לדרך פעמיו!״ און אלע יידן, אמערסטן פרויען, לויפן וואָס גיכער צו ר׳ קאָפּלען, כדי ארייַנצוואַרפן זייער נדבה אין זיין פּושקע. אלע, וועלכע האָבן אים געזען מטפּל זיין זיך מיט א בר מינן, האָבן געקענט באַקומען דעם איינדרוק, אז דאָס איז זיין איינציקע באַשעפטיקונג. דאָס איז אָבער געווען א טעות; ר׳ קאָפּל איז געווען א גוטער סטאָליאַר, און ביז ער האָט אָנגעוואָרן דעם פינגער פון זיין האַנט און זיינע כחות האָבן אים געדינט האָט ער שטענדיק געהאַלטן די כלים פון סטאָלערײַ אין זיינע הענט. ר׳ קאָפּל האָט צענדליקער יאָרן שווער געאַרבעט און אָרנטלעך פאַרדינט אויפן קיום פון זיין משפחה. מיט אייגענע כחות האָט ער אויסגעבויט זיין שטוב און חתונה געמאַכט בכבוד זיינע קינדער, וועלכע האָבן אים אויף דער עלטער געשטיצט און שטאַרק מכבד געווען.

ר׳ מענדל, דער שמש פון דער בערעזנער שול, האָט זיך פאַרנומען מיט דער שמש׳ערײַ בלויז אלס א נעבן־זאַך. ער האָט ליב געהאַט די בערעזנער שול, ווו ער האָט געוווינט מיט זיין משפּחה אין די דערבייַאיקע צימערן, וועלכע זענען געבויט געווען ספּעציעל פאַר דעם שמש. אָבער נאָכמער האָט ער ליב געהאַט דעם ״עמוד״; אין דער שול איז ער געווען דער נישט געקרוינטער חזן. ער האָט שטאַרק אָפּגעהיט זיין קול און פלעגט שטענדיק ארומגיין מיט א וואַרע־מען שאַליק אויפן האַלדז, בכדי ער זאָל חלילה נישט צוקילן זיין קול. ער איז געווען א פרומער ייד, פלעגט אָפט ארייַנקוקן אין א ספר און ליב געהאַט ארייַנמישן אין זיינע געשפּרעכן פּסוקים פון דער פּרשת השבוע אָדער פון תהילים. באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט דערציילן נסים ונפלאות פון די צדיקים; פון ר׳ זישע אַניפּאָלער, פון ר׳ לייב שרה׳ס א.א., ווי אויך די נפלאות פון די אדמו״רים פון דער בערעזנער שושלת.

זיין הויפּט באַשעפטיקונג איז געווען סטאָלערײַ. זיין פאַך קענטעניש איז מיר ניט באַקאַנט, ס׳איז אָבער באַוווּסט, אז ר׳ מענדל האָט פון זיין סטאָלערײַ־אַרבעט באַוויזן אויסצובויען א שיין הויז אויף דער טאָפּאָלאָווער גאַס, וועלכע ער פלעגט פאַרדינגען שכנים און באַקומען דירה־געלט.

זיין רואיק משפּחה־לעבן איז אָבער נאָך איניקע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה צעשטערט געוואָרן; זיין זון גרשון איז משוגע געוואָרן און האָט אים פאַרשאַפט פיל צרות. ס׳איז ניט געווען קיין אנדער ברירה, און מיט דער הילף פון דער קהילה און אנדערע אינסטיטוציעס איז גרשון אָפּגעפירט געוואָרן אין א משוגעים־הויז, ווו ער איז מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אומגעקומען. מענדל מיט זיין פרוי האָבן זייער וויטיק געטראָגן טיף אין זייער האַרץ ביזן לעצטן טאָג פון זייער לעבן.

אזוי האָט מען גערופן אין סארני א סטאָליאר, וועמענס נאָמען איך קען זיך נישט דערמאָנען.

מ׳האָט אים אזוי גערופן, ווייל אין די יאָרן פון פעטליורעס פאָגראָמען, ווען אין שטאָט האָט געווילדעוועט א שרעקלעכע טיפוס־עפידעמיע און יעדן טאָג זענען געווען א סך טויט־פאלן, איז אלס סגולה צו פארהאלטן די מגפה געשטעלט געוואָרן זיין חופה אויפן בית־עלמין.

צווישן די גוטע סטאָליארעס זענען געווען ר׳ קאָפל קאזלאוו און ר׳ אָשר שניידער. ר׳ קאָפל קאזלאוו האָט זיך פארנומען מיט בוי־סטאָליאריי (טירן, פענסטער) און ר׳ אָשר שניידער האָט געפירט א גרויסע מעבל־סטאָליאריי. זיינע מעבל זענען געווען באוווסט אין שטאָט און סביבה אלס די בעסטע און שענסטע און האָבן באפוצט די וווינונגען פון די רייכסטע יידן און קריסטן.

ר׳ אָשר איז געווען באוווסט אלס טיכטיקער האנטווערקער כלל־טוער. ער האָט זיך באטייליקט אין פיל אינסטיטוציעס און איז געווען געשעצט דורך דער סארנער באפעלקערונג.

## שניידער און שוסטער

מיט שניידעריי און שוסטעריי האָבן זיך פארנומען איי‌ניקע צענדליק משפחות. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן נאָר אויף איי‌ניקע פון זיי:

נחמן קויפמאן, וועלכער האָט געוווינט אויף דער פאליעסער זייט פון דער באן־סטאַציע, איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין די פריערדיקע קאפיטלען אלס מיטגליד פון פארוואלטונגען אין גמ״ח קאסע און האנטווערקער פאראיין. ר׳ נחמן איז געווען א ייד מיט פיל טאקט און פארשטאנד. אויף די זיצונגען פלעגט ער לאָזן אלעמען זיך אויסרעדן און ערשט צולעצט האָט ער ארויסגע־זאָגט שטיל און רואיק זיין מיינונג. זיינע לאָגישע אויספירונגען זענען אין מערסטנטייל געווען אָננעמבאר. אין דעם טאָג, ווען ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה פון פאליעסקע, אז ר׳ נחמן איז געשטאָרבן, האָט דער טרויער ארומגענומען די גאנצע יידישע באפעלקערונג. פון אלע גאסן האָט זיך א לאָז געטאָן א מאסע מענטשן מיטן רב העכטמאן בראש, כדי זיך צו באטייליקן אין דער לויה.

ר׳ יונה בעזנאס איז אויך געווען מיטגליד פון האנטווערקער פאראיין, גמ״ח קאסע, לינת הצדק און אנדערע אינסטיטוציעס. ער איז געווען נישט אזוי ערנסט ווי ר׳ נחמן קויפמאן. שטענדיק מיט א שמייכל אויפן פנים, מיט א ווערטל, א משל אָדער סתם א מעשה׳לה דערציילט צום עצם ענין וואָס איז באהאנדלט געוואָרן.

הגם ער איז געווען ניט קיין שלעכטער בעל מלאכה, האָט ער ניט געקענט ארויסציען זיין פרנסה פון זיין שוסטער ווארשטאט, און ער האָט נאָך געמוזט "אונטערקנעלן" אלס שמש אין דער סטעפאנער שול.

א גאנץ אייגנארטיקער ייד איז געווען ר׳ אהרן צופריק פון פאליעסקע. ער איז געווען ווייניק באקאנט, זיך ניט געמישט אין קהל׳שע ענינים און ניט ארויסגעזאָגט זיינע מבינות. מען האָט אים געקענט זען נאָר אויף צוויי ערטער: ביי זיין קליין ווארשטאטל אָדער אין דער פאליעסער שול. א קליינגעוויקסיקער און רירעוודיקער, פלעגט ר׳ אהרן זיין פארטאָג דער ערשטער אין דער פאליעסער שול, און אויב דער שמש איז נאָך ניט געווען, פלעגט ר׳ אהרן ווינטער איינהייצן

די רובע כדי ס'זאָל זיין ווארעם און די מתפללים זאָלן קענען זאָגן א ידיש וואָרט. אזוי אויך צו מנחה און מעריב. שבת פארטאָג פלעגט ער צוערשט לויפן אין שטאט זיך טובל זיין אין מקוה, דערנאָך צו חברה תהילים און ערשט דערנאָך צום דאווענען. זיין דאווענען איז געווען בבחינת כל עצמותי תאמרנה, מיטן סטאָלינער ניגון, מיטן אונטערטאנצן און פליעסקען מיט די הענט. נאָכן דאווענען, אויב ס'איז דאָ אין שול א קידוש אָדער בר־מצוה, — ווער זאָגט דעם „אזמר לסעודתא" ? — ר' אהרן! ווער זינגט דעם "יה אכסוף נועם שבת", דעם הייליקן זמר פון ר' אהרן קארלינער ? — זיכער ר' אהרן! שטענדיק א צופרידענער, שטענדיק א גוטמוטיקער, זינגט ער זיך אונטער ביי זיין ווארשטאטל און איז תמיד א שמח בחלקו. די פרנסה איז ביי אים שטענדיק געווען זייער בצימצום, און אמאָל אפשר אויך ערגער פון דעם, אָבער ווער קען וועגן דעם וויסן ביי ר' אהרנ'ען ? שטענדיק איז ער צופרידן און שטענדיק הערסטו פון אים די תשובה: "ברוך השם"!

און ווי ער אליין — אזוי אויך זיינע בני־בית. זיין עלטערער זון איז געווען א העברעי־שער לערער. זיינע חברים האָבן איבערגעגעבן אז ער איז אויך געווען א למדן בתורה און האָט באזיצט סמיכות אויף רבנות. פון אים אליין האָט מען גאָרניט געוווסט, געווען אַן איש תם וישר ווי זיין פאָטער. צוויי קינדער פון דער משפחה האָבן זוכה געווען קומען קיין ישראל נאָך פארן אויסברוך פון וועלט־קריג. ר' אהרן און זיין פרוי זענען אומגעקומען אין דער שחיטה אין סארני. דער עלטערער זון איז געשטאָרבן, ווי מ'גיט איבער, אין רוסלאנד אין די שווערע קריג־יאָרן.

ר' ישׂשכר וועלוול דער שניידער האָט געוווינט אין זייער הילצערן הײזל ניט ווייט פון די "חדרים" פון ר' אלתר פרץ און ר' יאָסל נאָבאָזשני. גייענדיק פון חדר האָב איך ליב געהאַט אריינגיין צו ישׂשכר וועלוולען און שטיין א ביסל אינ'ם פאָדערצימער, ווו ער און זיינע צוויי פלימעניקעס, יענקל און חיים, האָבן געארבעט. מיר יינגלעך האָבן זיי בידע אָנגערופן יענקל חיים, אָדער מכלכל חיים. און ישׂשכר וועלוול, שטענדיק מיט דער יארמעלקע אויפן קאָפּ און מיטן לאנגן טלית־קטן, האָט גענייט אָדער צוגעשניטן דעם שטאָף אויפן אַרבעט־טיש און צוגעזונגען א זמרל אָדער א חזניש שטיקל און בידע פלימעניקעס האָבן אים צוגעהאָלפן. איך האָב אזוי געקאָנט אָפּשטיין נעבן זיי א שעה־צוויי און זיך צוהערן. ישׂשכר וועלוול האָט ליב געהאט זיך אָפּט צוכאַפּן צום עמוד אין דער בערעזנער שול. ער האָט אויך ליב געהאט זיך מישן אין די ענינים פון חברה קדישא און חברה נושאי המטה. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געווען פון די שניידערס, וועלכע האָבן גענייט די תכריכים. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין זכרון און האָט געדענקט די גענויע דאטעס פון אלע יאָר־ציַיטן, און געהאלטן פאר א מצוה צו דערמאנען באצייטנס די משפחות פון די נפטרים, זיי זאָלן חלילה ניט פארגעסן אָדער ניט א טעות האָבן מיטן טאָג פון דער פטירה.

### טרעגערס

זענען אין סארני געווען עטלעכע. זיי זענען ניט געווען ווי די טרעגערס אין ראָוונע, לוצק אָדער ווארשע — ארומגעוויקלט מיט גראָבע שטריק, כדי צו טראָגן גרויסע משאות. סארנער טרעגערס האָבן אָפּגעווארט ביי דער באַן־סטאציע די סוחרים און די פארמעגלעכע בעלי־בתים, וועלכע זענען אָנגעקומען מיט די צוגן, כדי צו נעמען ביי זיי די קליינע פעקלעך און וואַליזקעס. אזוי האָבן זיי פארדינט זייער חיונה.

דער ערשטער טרעגער וועלכער איז געקומען קיין סארני פון בערעזניץ פאר דעם ערשטן וועלט קריג איז געווען ר׳ חיים פילשציק, אָדער ווי מ׳האָט אים אויך גערופן — שחריי. פילשציק — ווייל ער מיט זיינעם א ברודער האָבן געשניטן קלעצער און געמאכט פון זיי באלקנס און ברעטער. קיין טארטאקן זענען נאָך דאן אין סארני, בערעזשניץ און סביבה ניט געווען, האָט ר׳ חיים גע־שניטן די קלעצער מיט א לאנגער האנט־זעג. אויף די עלטערע יאָרן איז ר׳ חיים געקומען קיין סארני צו פארדינען אויף חיונה ביי דער באן־סטאציע. פארוואָס האָט מען אים גערופן אויך שחריי (שאכריי) — ווייסן מיר ניט. מעגלעך אז ס׳נעמט זיך פון דעם וואָרט ״שחר״, ווייל ער פלעגט וועקן זיינע פאסאזשירן צום צוג ״כעלות השחר״.

ר׳ חיים איז געבליבן וווינען אין בערעזשניץ און די גאנצע וואָך אין סארני האָט ער זיך אויפגעהאלטן ביי ר׳ איציק זאמאראצענסקי (איציק דער פעקארניק). בלויז אויף שבת פלעגט ער צוריק פאָרן אָדער גיין צופוס קיין בערעזשניץ, א מהלך פון א 13—14 קילאָמעטער.

דער צווייטער טרעגער, מנשה פיוואוואז, איז געקומען פון דאמבראוויץ. אין סארני האָט מען אים גערופן ״מנשה דער באגרעבער״, ווייל ער האָט זיך באזעצט מיט זיין משפחה אין דער קהל׳שער הויז אויפן בית־עלמין און וואלד אויף דער פאליעסער זייט און איז געווען דער שומר און קברן, אָדער ״מנשה מיטן דאָס״, ווייל צו יעדן וואָרט האָט ער צוגעגעבן דאָס וואָרט ״דאָס״. ווען ער האָט באגלייט א פריץ מיט א פעקל צום באן, האָט ער געזאָגט: איך האָב היינט אריינ־געדאָסט א פריץ אין וואגאָן.

נאָך מנשה׳ן איז געקומען פון בערעזשניץ איציק באק. ער איז געווען א געזונטער ייגערמאן, און דוקא ער פלעגט טראָגן די גרינגערע פעקלעך פון באן. זייענדיק יינגער און פלינקער פלעגט ער פארכאפן די רייכערע סוחרים, מערסטנס וואלד סוחרים.

איך געדענק נאָך א טרעגער: מאירל באבראוו. ער האָט אָנגעהויבן ארויסגיין צו דער באן און טראָגן א פעקל ערשט אויף די עלטערע יאָרן. ר׳ מאירל איז געווען א שטילער ייד מיט א שיינע באָרד.

## די קהילה

אין סארנער פאוויאט האָבן עקזיסטירט צוויי קהילות:

(1) סארני האָט ארומגענומען די שטאָט און די צוויי אדמיניסטראטיווע גמינעס ניעמאוויץ און ליוביקאוויץ; דאמבראוויץ — די שטאָט, די דאמבראוויצער גמינע און אויך דאָס שטעטל בערעזשניץ; ראקיטנע מיט דער קיסאריצער גמינע; קלעסאוווער גמינע האָט כולל געווען סעכאוו, יעלנא און טאָמאשגאָראָד; הארָאדעצער גמינע האָט כולל געווען די סטאציע אנטאָנאָווקע, צעפצע־וויץ און אנדערע דערפער.

די יידישע באפעלקערונג אין די דערמאָנטע שטעט און שטעטלעך מיט די דערבייאיקע דערפער האָט געציילט אומגעפער 17—18 טויזנט נפשות: סארני 7000—8000; דאָמבראָוויץ 4000—4500; ראקיטנע — 3000—4000; בערזשניץ 1000—1200; די אנדערע — 1000—1500.

לויט דער פאראָרדנונג, האָט די סארנער קהילה געהערט צו די ״גרויסע״ (״גמינאַ ווילעקאַ״) און איז באשטאנען פון א ראט מיט 12 מיטגלידער און א פארוואלטונג פון 8 מיטגלידער.

(2) די וולאדימיריצער קהילה האָט געהייסן א קליינע קהילה (״גמינאַ מאַלאַ״) און האָט גע־ציילט א פארוואלטונג פון בלויז 8 מאַן.

ס'זענען פאראָרדנט געוואָרן וואלן און ס'איז געוויילט געוואָרן א וואל־קאָמיסיע פון 14 מאַן, מיט ר' משה טארטאקאָווסקי בראש. חוץ דעם זענען געוויילט געוואָרן סוב־קאָמיסיעס אין אַלע איבן דערמאָנטע שטעט, וועלכע האָבן געהערט צו סארנער קהילה. די ערשטע וואלן זענען פאָר־געקומען אין הארבסט פון יאָר 1927. די פאראינטערעסירונג פון דער באפעלקערונג מיט די ערשטע וואלן איז געווען א קליינע. מ'האָט נאָך ניט געוווּסט וועלכע צורה דער גאנצער ענין וועט אָננעמען, און ס'האָט אויסגעוויזן ווי א געצוואונגענער ענין. מיט דער אגיטאציע ארום די בחירות האָבן זיך פארנומען די ובאים פון די בתי מדרשים און די ראשי המדברים פון די חסידישע קרייזן. און ווייל די ערשטע קהילה האָט געדארפט וויילן דעם ערשטן קהילה רב, וועמענס פּאָסטן איז לויטן געזעץ געווען פארזיכערט אויף שטענדיק, האָט דאָס נאָך מער פאר־אינטערעסירט די חסידישע קרייזן.

די רעזולטאטן פון די וואלן זענען געווען פאָלגנדע:

אלס פאָרזיצער איז געוויילט געוואָרן ה' מענדל קערצער פון ראקיטנע, אלס זיין פארטרעטער ה' נח פערלשטיין פון סארני, אלס פאָרזיצער פון ראָט ה' משה פיקמאן. אלס קהילה רב איז געוויילט געוואָרן דער דאָמבראָוויצער רב — ר' נחומקע פעטשעניק, אלס סעקרעטאר — ה' משה גאָטליב פון דאמבראוויץ.

ביזן יאָר 1932 האָט די קהילה ניט געפירט כמעט קיין שום טעטיקייט. דער קהילה רב האָט געפירט אין סארני א לשכה פאר זיין מעטריקאלער טעטיקייט. ער האָט איבערגענומען די מעטרי־קאלע ביכער פון דער סארנער באפעלקערונג, וועלכע האָבן ביז דאן זיך געפונען אין דאָמבראָוויץ און אויך אין וולאדימירעץ ביים רב ר' שלמה שליטא. אויך זענען אוועקגענומען געוואָרן די ביכער ביים רב העכטמאַן אין סארני און ביי דעם רב אהרן שמש אין ראקיטנע. מיט דער לשכה האָבן זיך מערסטנס פארנומען דעם רב'ס זין: הרב איציקל פעטשעניק און הרב אהרן פעטשעניק (יעצט אין ניו־יאָרק). זיי פלעגן קומען קיין סארני איין אָדער צווי מאָל אין וואָך.

די קהילה מיטן ראבינאט צוזאמען האָבן זיך געפונען אין איין צימער אין הויז פון אלמנת האדמו"ר ר' יאָסעלע פעטשעניק. נאָכן אָפּפאָר פון דעם סעקרעטאר ה' משה גאָטליב קיין א"י, האָט זיין פּאָסטן פארנומען ה' אהרן פעטשעניק.

אין 1931—1932 האָט ר' אהר'לע פעטשעניק זיך אָנגעהויבן גרייטן צו זיין רייזע קיין אמעריקע. צוליב דער סיבה האָט ער זיך פרייוויליק אנטזאגט פון זיין פּאָסטן. דעם פּאָסטן פון סעקרעטאר האָט אין מאָנאט פעברואר 1932 איבערגענומען דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות (שלמה זאנדוויס).

אין דער תקופה האָט אין קהילה זיך אָנגעהויבן א גרעסערע טעטיקייט. די מאכט האָט אומבאַ־דינגט פארלאנגט, אז די קהילה זאָל איבערנעמען אונטער איר אויפזיכט די שחיטה, בתי־כנסת, מקוואות און אנדערע געביידעס, וועלכע האָבן געהערט צום קהל. אָבער פאקטיש זענען זיי ניט געווען פארשריבן אלס זיין אייגנטום. אייניקע בנינים זענען געווען פארשריבן אויפן נאָמען פון מענטשן, וועלכע זענען שוין לאנג געווען אויפן עולם האמת. אין דער צייט האָבן שוין געארבעט אין דער קהילה שטענדיקע באאמטע: מרדכי פעטשעניק און פנחס גייפמאן אלס בוכהאלטער און געהילף־סעקרעטאר, און אלס קוריער (שליח) — מרדכי יעווין. שפּעטער זענען געקומען נאָך צווי באאמטע: אשר חיים פערעבראדסקי און זיסקינד פיקמאן. אייניקע מאָנאטן שפּעטער האָט זיך געענדיקט די פיר יאָריקע קאדענץ פון דער ערשטער קהילה־לייטונג און ס'זענען פאראָרדנט געוואָרן נייע קהילה־וואלן.

אין דער וואל קאָמיסיע האָבן שוין אָנטייל גענומען אלע ציוניסטישע פּארטייען. אלס פאָרזיצער איז באשטימט געוואָרן ה׳ שמריהו גערשונאק. די ארבעט פון דער קאָמיסיע האָט זיך געפירט לויט א גענויען פּראָויסבאשטימטן פּלאַן. ס׳זענען צוזאמענגעשטעלט געוואָרן רשימות פון קאנ־דידאטן פון אלע שטעט און פון אלע שיכטן פון דער באפעלקערונג. די באטייליקונג אין די וואלן איז דאָסמאָל געווען א גאנץ באדייטענדע.

לויטן וואל־געזעץ, וועלכער איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין פּוילישן רעגירונגס־ביולעטין "דזשענניק אוסטאוו" פונם יאָר 1924, האָבן געקאָנט וויילן מענער אין עלטער פון 25 יאָר און העכער; געוויילט ווערן האָבן געקענט מענער פון 30 יאָר און העכער. פרויען האָבן קיין שטים־רעכט ניט געהאט. די וואלן זיינען געווען געהיימע.

אין משך פון 30 טעג נאָך די וואלן האָבן די רשימות געדאַרפט צוגעשטעלט ווערן צו דער אויפזיכט־מאכט צום באשטעטיקן. בדרך כלל פלעגן די וואלן באשטעטיקט ווערן אָן קיין שוועריקייטן אָדער ענדערונגען, סיידן ס׳זענען דערלאנגט געוואָרן אָנקלאגעס אויף מיסברויכן.

אין ראט פון דער צווייטער קהילה־פארוואלטונג זענען געוויילט געוואָרן די פאָלגנדע: סארני — ה״ה שמריהו גערשונאק, מענדל גורוויטש, אברהם טורקעניץ, דוד בירג, יצחק לעווין, פנחס זאנדווייס, אָשר אהרן גאמפעל, בנימין קאנטאָראָוויץ, משה פיקמאן, נח פערלשטיין און דער לערער שלמה גארפינקל (ה״ה יצחק לעווין ז״ל און ה׳ מענדל גורוויטש יבדל לחיים זענען נאָכדעם אָפּגעפאָרן קיין א״י). פון דאָמבראָוויץ זענען געוויילט געוואָרן: ה״ה יעקב ליבערסאָן, איציע יונגשטיין — דער וויצע בירגערמייסטער פון שטאָט, שמערל פרענקל, וועלכער איז שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין א״י, און מאָטל ווייניער. פון ראקיטנע: ה״ה מענדל קערצער, דער לערער גענדלמאן און יהושע גיטלמאן. פון בערעזשניץ: ה״ה אהרן קניזשניק, גדליהו געלער און אהרן כהן (אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן אהרן דער שאכיער) און שמואל גאמפעל. פון קלע־סאוו — ה׳ בורשטיין.

אלס פאָרזיצער פון דער קהילה פארוואלטונג איז געוויילט געוואָרן ה׳ יעקב ליבערסאָן און אלס פארטרעטער — ה׳ שמריהו גערשונאק. אלס פאָרזיצער פון קהילה־ראט — ר׳ דוד בירג, אלס פארטרעטער — ה׳ בנימין קאנטאראוויץ. לויטן קהילות־געזעץ איז דער קהילה־רב פארעכנט געווען אלס מיטגליד פון דער פארוואלטונג.

די קהילה איז באשטאנען פון א ציוניסטישער מערהייט, און אפילו די עקסטרעמע חסידים האָבן זיך קיינמאָל נישט קעגנגעשטעלט די פאָרשלאגן וועגן קרנות, עליה, אָדער אנדערע ציוניסטישע צוועקן.

די נייע פארוואלטונג איז ענערגיש צוגעטראָטן צו דער ארבעט. די קהילה איז איבערגעפירט געוואָרן אין א פיר־צימערדיקן לאָקאל אין מויער פון ה׳ נעגעל. ס׳איז אָפּגעקויפט געוואָרן דאָס גאנצע מעבל פונם ליקווידירטן סוחרים און אינדוסטריעלער באנק. די קהילה האָט יעצט באקומען אן אויסזען פון א מלוכה־אמט און איז געוואָרן דער צווייטער פאָפּולערער אמט נאָך דעם שטאָט־ראט (מאגיסטראט). חוץ פון די פאָרטרעטן פון ז׳י פּוילישע מלוכה־מענער (פרעזידענט מאָש־טשיצקי און מארשאל פּילסודסקי) האָבן באשיינט די ווענט פון קהילה־אמט גרויסע בילדער פון ד״ר הערצל, ד״ר חיים וויצמאן, נחום סאקאָלאָוו און חיים נחמן ביאליק.

ס׳איז באשטעטיקט געוואָרן א בודזשעט פון אייניקע דרייסיק טויזנט זלאָטעס (אין יאָר 1938־39 איז דער קהילה בודזשעט געווען אומגעפער 80,000 זלאָטעס).

די בודזשעטן פלעגן באשטעטיקט ווערן דורכן וואָיעוואָדישן אמט. די הכנסות זענען געווען:

(א) פון דער שחיטה, פון וועלכער די קהילה האָט געגומען 20% און די שוחטים 80%. כדי ניט מקפח זיין די שוחטים אין זייער פרנסה, זענען געהעכערט געוואָרן די שחיטה־אָפּצאָלן. אלע משגיחים און אינקאַסענטן ביי דער שחיטה האָבן באַקומען זייער געהאַלט לויט פּראָצענטן פון דער שחיטה־הכנסה און זענען געצאָלט געוואָרן פון די 20%.

שוחטים זענען געווען ה"ה שלמה גאַמערמאַן און פסח אליה כץ אין סאַרני; יקיר פישמאַן, טוביה טרושינסקי, דוד פיאַלקאָוו און מאיר פישביין — דאַמבראָוויץ; יששכר טריגון און יואל שוואַרצבערג — ראַקיטנע; איציקל שוב און מאיר, שפּעטער זיין איידעם — בערעזשניץ; משה הערש וולאַדימירסקי רב ושו"ב — קלעסאָוו; פסח אליה קעסלער — האַראָדעץ; אנשל (דעם שו"ב יקיר'ס זון) — סעכאָוו; חוץ דעם זענען געווען נאָך עטלעכע אומאָפּיציעלע שוחטים, וועלכע די שטאָט רבנים האָבן ניט געוואָלט אַנערקענען צוליב חזקה טענות.

(ב) הכנסות פון דער מעטריקאַלער אָפּטיילונג, פון פאַרשרייבן געבורטן, חתונות, טויט פאַלן און גט'ן.

(ג) פון די בתי־קברות פאַר ערטער פאַר די נפטרים און פאַר שטעלן מצבות. די חברא קדישא האָט דערפילט אירע פליכטן כמקודם. די הוצאות פון אויסהאַלטן די שומרים און אַנדערע זענען געוואָרן געדעקט דורך דער קהילה.

(ד) פון מיטגליד אָפּצאָל, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן "קהילה־עטאַט". דער אָפּצאָל איז אין אָפיציעלן "דזשעגניק אוסטאַוו" געווען באַשטעטיקט אַלס "סקלאַדקאַ טשלאָנקאָווסקאַ" און איז געווען גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע מלוכה־שטייערן. אַז אַ ייד האָט באַקומען אַ מעלדונג פון דער קהילה צו באַצאָלן דעם קהילה שטייער, האָט ער געהאַט רעכט צו אַפּעלירן אין פאַרלויף פון 14 טעג צו דעם אויפזיכטס־אַמט, דורך דער קהילה. די קהילה האָט בייגעלייגט אירע מאָטיווירונגען און איבערגעשיקט די אַפּעלאַציע צום סטאַראָסטוואָ. דער שטייער־צאָלער האָט געקענט אַפּעלירן אויך אויף דעם סטאַראָסטוואָ־באַשלוס צום וואָיעוואָד־אַמט, אָבער צו אַזעלכע פאַלן איז קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

אין דער הוצאות־זייט פון קהילה־בודזשעט איז חוץ די אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבן געווען פאָלגענדע סובסידיעס:

(א) אַלע רבנים (חוץ דעם קהילה רב וועלכער האָט באַקומען אַ סטאַבילע חודש פענסיע) האָבן באַקומען יערלעכע סובסידיעס ביז 600 זלאָטעס. די רבנים האָבן געהאַט זייערע שטענדיקע הכנסות כמקודם. דערצו האָבן זיי באַקומען אַ פאַרגיטיקונג פאַר די מעטריקאַלע ביכער, וועלכע זענען פון זיי אָוועקגענומען געוואָרן. רבנים זענען געווען: הרבנים קונדאַ און העכטמאַן — סאַרני; ר' נחום פעטשעניק, ר' יעקב זאַלצמאַן — דאַמבראָוויץ; ר' אהרן שמש — ראַקיטנע; ר' משה ניידיטש און באַקון — בערעזשניץ.

(ב) אַלע בתי־ספר, תלמוד־תורה, ישיבות, "אָרט" און אַנדערע לער־אַנשטאַלטן פלעגן ווינטער אונטערגעשטיצט ווערן מיט צוגאָב באַשפּייזונג (וואַרעמע מילך, און שוואַכערע קינדער — לויט מעדיצינישע פאַרשריפט — פישאייל) פאַר אָרעמע קינדער.

(ג) אַלע הילף אינסטיטוציעס, ווי חברת לינת הצדק, לחם עניים, בית־יתומים און "טאַז", האָבן באַקומען סובסידיעס.

(ד) ביידע קרנות, קק"ל און קרן היסוד, פלעגן באַקומען יערלעך צו 300 זלאָטעס.

(ה) ס׳איז פאראויסגעזען געווען א סכום געלט פאר עליה פון חלוצים־חלוצות, וועלכע האָבן ניט געקאָנט דעקן זייערע רייזע הוצאות קיין א״י. אָפיציעל האָט דער סכום פיגורירט אין בודזשעט אלס שטיצע פאר עמיגראַנטן.

(ו) די קהילה פלעגט יעדן אָנהויב ווינטער איינקויפן עטלעכע הונדערט מעטער ברענהאָלץ און פארטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע משפחות.

(ז) צוויי מאָל א יאָר פלעגט די קהילה עפענען א קיך פאר יידישע זעלנער פון אָרטיקן גאַרניזאָן און פון ״ק.א.פ.״ (״קאָרפּוס אָכראַני פּאָגראַניטשנאַ״, גרענעץ־מיליטער) אין די ימים טובים און פסח. אין די עניני הדת פון די יידישע זעלנער איז די קהילה געשטאַנען אין פארבינדונג מיטן מיליטער רב פון לובלינער ד.א.ק. (דאוואודסטווא אקרענגו קארפוסאוועגא) — קאפיטאַן ראב. דער קאפיטאַן ראב פלעגט 1—2 מאָל א יאָר באזוכן סארני און אָפריכטן אין דער גרויסער שול א תפילה פאר די זעלנער. אויך פלעגט ער צושיקן קאָפּיעס פון אלע פאראָרדנונגען בנוגע עניני דת, שבתות ומועדים. איינמאָל, ווען כ׳בין בייגעווען ביי א תפילה פון דעם מיליטער־רב, האָב איך אים נעפרעגט (ווען ער איז געקומען צום סוף פון דער תפילה ״הנותן תשועה למלכים״ מיט די פסוקים ״בימיו ובימינו תושע יהודה וישראל ישכון לבטח וכן יהי רצון ונאמר אמן״) פארוואָס ער האָט אדורכגעלאָזן ״ובא לציון גואל״, האָט ער מיר געוויזן אז אין אלע סידורים פון מיליטערישן ראבינאט איז אזוי געווען געשריבן, און ער טאָר ניט ענדערן.

די קהילה האָט געהאט א באזונדערן פאָנד פאר נויטבאדערפטיקע משפחות, וועלכע האָבן זיך ניט געוואָלט ווענדן צום לחם עניים, קראנקע, וועלכע מ׳האָט געמוזט ברענגען אין שפיטאָל קיין וויארשע, שווינדזוכטיקע — קיין אטוואצק אָדער אנדערע קוראציע אנשטאלטן, און נאָך ענלעכע פאלן. אלע הוצאות זענען געפירט געוואָרן שפּאָרזאם און אונטערן קאָנטראָל פון א רעוויזיאָנס־קאָמיסיע. אייניקע מאָל זענען דורכגעפירט געוואָרן קאָנטראָלעס דורך דער אויפזיכט־מאכט.

אלע ראט־ און פארוואלטונג־מיטגלידער זענען געווען פּאָפּולערע געזעלשאפטלעכע טוער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די כלל ענינים שלא על מנת לקבל פרס.

צוויי מאָל אין יאָר פלעגן פאָרקומען לאנגע זיצונגען פון דעם ראט צוזאמען מיט דער פאר־וואַלטונג ווענן פרילימינאַר־בודזשעט אָדער ווענן דער פסח־אָקציע. די זיצונגען פלעגן זיך פארציען ביז שפעט ביינאכט, און מ׳פלעגט דערלאַנגען טיי מיט צובייסן פאר די אָנטיילנעמער. די ערשטע צייט האָט מען ניט באמערקט אז ר׳ אהרן קניזשניק האָט ניט געטרונקען דעם טיי און ניט צוגעביסן פון דעם געבעקס. שפעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אז ער האָט זיך געווענדעט מיט א פראַגע צום קארלינער רבי׳ן, ר׳ מלך׳קע פערלאָוו, אויב ער מעג עסן און טרינקען אויף די הוצאות פון ציבור. ווי מ׳האָט דערציילט האָט דער רבי אים געזאָגט ער זאָל אומבאדינגט אויך טועם זיין, לפחות למראית עין, ווייל אויב ניט וועט ער גורם זיין צו אן עבירה פון חושד בכשרים פון דעם כלל. דער נימוק איז געווען אז במילא איז אָנגענומען אין ציבור אז די פרנסים האָבן א טובת הנאה פון זייער ציבור־טעטיקייט, איז אויב ער וועט זיך אָפּהיטן פון טועם זיין דעם טיי, וועט ער גורם זיין דעם גאנצן ציבור צו אן עבירה.

דער ה׳ אברהם טורקעניץ איז געווען דער פאַקטישער וויצע־פּרעזעס פון דער קהילה־פאַר־וואַלטונג די גאנצע צייט וואָס ה׳ יעקב ליבערסאָן איז געווען פאָרזיצער. ה׳ ליבערסאָן פלעגט קומען פון דאמבראוויץ נאָר איין אָדער צוויי מאָל א מאָנאט, און מיט דער גאנצער ארבעט האָט אָנגעפירט ה׳ א. טורקעניץ. שפעטער, ביי די לעצטע קהילה־וואלן, איז געוויילט געוואָרן ה׳

גערשונאַק אַלס פאַרזיצער און א. טורקעניץ אַלס וויצע־פאַרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג.

אין די יאָרן 1936/37 איז געווען אַ גרויסער קריזיס. ה׳ א. טורקעניץ האָט געפירט בשותפות מיט זיין ברודער מרדכי אַ געשעפט אין קלעסאָוו. די געשעפטן זענען געווען זייער שלעכטע און זייענדיק זייער אַ געטרייער ברודער, האָט אברהם ניט גענומען פון געשעפט קיין געלט. ווי מיר האָבן געוווּסט, האָט ער פשוט ניט פאַרמאָגט אויף זיין טעגלעכער הוצאה. ווען ער פלעגט פאָרן קיין קלעסאָוו, פלעגט ער דאָרט דערלעדיקן פיל קהילה־ענינים. די פאַרוואַלטונג האָט געפונען אַ געלעגנהייט אים צו רעקאָמפּענסירן פאַר זיינע הוצאות. איינמאָל אין זיין אַפּוועזנהייט האָט מען באַשלאָסן אים אויסצאָלן איינמאָליק 200 זלאָטעס אַלס דעקונג פון די הוצאות אויפן חשבון פון דער קהילה. ווען ער האָט זיך דערוווּסט פון דעם באַשלוס, האָט ער געמאַכט אַ סקאַנדאַל און פאַרלאַנגט מ׳זאָל אנולירן דעם באַשלוס און זיין פּראָטעסט זאָל אריינגעשריבן ווערן אין פּראָ־טאָקאָל בוך. במשך זיין 6־יאָריקן אַמטירן האָט דער מענטש ניט נהנה געווען פון קהל׳שן געלט כחוט השערה.

ווי שוין דערמאָנט, האָט די קהילה געפירט די מעטריקאַלע אָפּטיילונג. אַלע דאָקומענטן און אַקטן זענען אונטערגעשריבן געוואָרן דורך דעם קהילה רב, הרב נחום׳קע פּעטשעניק. אַזוי ווי דער רב פלעגט קומען קיין סאַרני נאָר איינמאָל אין וואָך (דינסטיק), פלעגט ער איבערלאָזן אין דער קהילה ביי זיין פלימעניק מרדכי פּעטשעניק ליידיקע מעטריקאַלע בלאַנקען מיט זיין אונטער־שריפט. סאַרני איז שוין באַוווּסט געווען אין וואַרשע מיט איר ציוניסטישער קהילה אַלס שטיצ־רין פון דער עליה. אין יענע יאָרן פלעגט מען דאַך באַקומען זייער ווייניק סערטיפיקאַטן, און ווילנדיק אויסנוצן וואָס מער די סערטיפיקאַטן, האָט מען אַדורכגעפירט פיל פיקטיווע חתונות. דאַדורך זענען געפאָרן אויף יעדן סערטיפיקאַט צוויי פּערזאָן אַנשטאָט איינעם. אין אַנדערע שטעט אין פּוילן זיינען אַ זעלכע קאָמבינאַציעס געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, ווייל די רבנים האָבן געשטעלט פאַרשטענדלעכע פראַגן: אויב מען וועט געבן פיקטיווע חופות, וועט אפשר אַמאָל אַ פּאָרל וועלן פאַרבלייבן בקשר של קימא, דאַן וועלן זיי זיין אָן חופה וקידושין. און אויב ווידער שטעלן אַ ריכטיקע חופה — וואָס וועט זיין אין פאַל ווען איינער פון פּאָרל וועט שפּעטער ניט איינשטימען? דאָס וועט ברענגען צו זייער שווערע פאַלן. פיל רבנים האָבן זיך טאַקע אָפּגעהאַלטן פון מיטאַרבעטן.

אין סאַרני זענען די פּראָבלעמען געלעזט געוואָרן זייער לייכט: דער מרכז החלוץ פלעגט שיקן פון וואַרשע אַ בחור מיט עטלעכע דאָקומענטן און אין איניקע שעה׳ן האָט אונזער מאָטקע פּעטשעניק זיי פאַרשריבן אין די ביכער פון חתונות, אופן סמך פון באַשטעטיקונגען פון רבנים. איינמאָל זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע אַ פּאָר הונדערט סערטיפיקאַטן פאַר רבנים, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט אויסנוצן. מ׳האָט זיך געווענדעט פון וואַרשע צו דער סאַרנער קהילה וועגן באַ־שטעטיקונגען פאַר רבנים. אַזוי ווי די קהילה האָט געהאַט די קאָנטראָל איבער די ביכער פון די שולן און האָט באַזיצט געדרוקטע בלאַנקען און שטעמפּלען, האָבן מיר אַרויסגעגעבן פון די שולן און בתי מדרשים באַשטעטיקונגען אַז פּלוני ופלוני זענען רבנים. אַזוי אַרום זענען אָפּגעפאָרן קיין א״י פיל יידן אַלס רבנים, צווישן זיי ה׳ מייטשע לעווין, צבי גרינבערג (הערשל דער פוילישער), ה׳ זילבערמאַן און אַנדערע.

## שטעט און דערפער אין סארנער סביבה

ווי ס'איז שוין דערמאנט געוואָרן אין די פריערדיקע קאפיטלען, האָבן צו דער סארנער קהילה געהערט אייניקע שטעט און שטעטלעך און פיל דערפער. צו באשרייבן די גרעסערע שטעט ווי דאמבראוויץ, בערעזשניץ און ראקיטנע איז ניט מעגלעך, ווייל וועגן זיי איז נויטיק ארויסגעבן באזונדערע ביכער, און דאָס וועלן געוויס טאָן די איגודים פון די שטעט. איך וועל זיך אָפּשטעלן בלויז אויף אייניקע קלענערע שטעטלעך און דערפער פון דער סארנער סביבה.

### סעכאוו

די עלטסטע פון די שטעטלעך איז געווען סעכאוו. איך געדענק נאָך פון מיינע קינדער־יאָרן אז ביי אונדז אין שטוב פלעגט מען אָפּט דערמאנען סעכאָוו: "די סעכאווער אנשי שלומנו זענען אוועקגעפאָרן אויף יום־טוב קיין סטאָלין", "דער סעכאווער רב און ר' ברוך פייגלשטיין זענען געקומען קיין סארני אויף א שבת".

סעכאוו האָט דאן געציילט א 50 יידישע משפחות מיט א שיינער שול און להבדיל א מרחץ, א הייליקן אָרט און אנדערע קהילה־אינסטיטוציעס און חברות.

צווישן די אָנגעזעענסטע סעכאווער משפחות זענען געווען די משפחה פון דוד זאנדער, נעגעל, עטשטיין, ברוך פייגלשטיין און אנדערע. ה' דוד זאנדער איז דאן געווען בארימט אלס דער גרעסטער יידישער וואלד־סוחר אין דער געגנט, א גרויסער נדבן, למדן און ירא שמים. ביי אים האָבן געאַרבעט פיל יידישע באאמטע און פיל יידישע משפחות האָבן זיך מפרנס געווען פון זיינע אונטערנעמונגען. זיין הויז איז געווען אָפן פאר אלע נויטבאדערפטיקע.

ניט נאָר ה' זאנדער אליין האָט געפירט זיין הויז ביד רחבה אין ענינים פון צדקה און הכנסת אורחים, אויך זיין פרוי דוסל (אפשר איז איר נאָמען געווען הדסה) איז געווען בארימט אלס גרויסע סוחרטע און האָט מיטגעהאָלפן איר מאן אויך אין עניני מצוות און צדקה.

ר' דוד האָט ניט געהאט קיין זין, בלויז עטלעכע טעכטער, פאר וועלכע ער האָט גענומען בארימטע מענער, ווי ה"ה מנחם זלמן בריסקמאן, שייליק קאצענעלסאָן, מרדכי קוועטני, אהרן פערל און שמחה גענדלער. דער עלטסטער פון די איידעמס איז געווען מנחם־זלמן בריסקמאן, א ייד א תלמיד חכם, א למדן מופלג (מוסמך פון די ליטווישע ישיבות), שטענדיק שיין געקליידעט, פה מפיק מרגליות, א מבין ובקיא אין פיל פּראָבלעמען. ער האָט ממשיך געווען אין דעם וועג פון זיין שווער און זיינע קינדער מדריך געווען בדרכי התורה והמוסר.

ר' ברוך פייגלשטיין איז אויך געווען א ייד א תלמיד חכם און ירא שמים, איינער פון די עמודי התווך פון די סטאָלינער חסידים, א מזג טוב און א גוטער פריינט מיט יעדן. אלע האָבן אים ליב געהאט און שטארק מכבד געווען. זיין זון ישראל אהרן איז אויך נאָכגעגאנגען אין דער זעלבער ריכטונג — געווען א בן תורה און א מוסמך להוראה, געווען שפּעטער ראש הקהילה פון שטעטל קאסטאָפּאָל.

רב און שו"ב אין סעכאוו איז געווען פיל יאָרן ר' אליעזר לעמקאָוויץ, וועלכן די גאנצע באפעל־קערונג פון סעכאוו און אומגעגנט האָט שטארק ליב געהאט און מכבד געווען. ר' אליעזר לעמקאָוויץ איז דערמאָרדעט געוואָרן אין קלעסאָוו דורך די פּעטלורישע רוצחים בעתן דערפילן זיין פליכט אלס שוחט. זיין אָרט האָט פארנומען ר' משה צבי וולאדימירסקי. ער האָט שפּעטער

איבערגענומען די הנהגה איבער דער נייער שטעטל קלעסאָוו, וועלכע האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסן מיט א שנעלן טעמפּאָ, אדאנק די מקורות פרנסה פון די שטיינהאַקערייען, ציגל־פאַבריקן, וועלדער און טאַרטאַקן.

נאָך ר׳ משה צבי וולאַדימירסקי איז געקומען אלס שוחט ר׳ אנשל פישמאַן (דער זון פון ר׳ יקיר פישמאַן, שוחט פון דאָמבראָוויץ).

די משפחה פון ר׳ ישראל עטשטיין מיט זיינע דריי זין — דודיק, יאָסל און שלמה — איז געווען גוט באַקאַנט אין דער גאַנצער סביבה אלס אָרנטלעכע סוחרים און נדבנים. אמערסטן איז געווען פּאָפּולער ה׳ דודיק עטשטיין, וועלכער האָט געוווינט ביי דער באַן־סטאַציע טאַמאַשגאַראַד, און איניקע יאָר — אין סאַרני גופא. זיין שטוב איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אָרעמע לייט און בכלל נויטבאַדערפטיקע. אין דעם האָט אים מיטגעהאָלפן זיין פרוי זעלדע, וועלכע איז געווען באַוווּסט אלס גרויסע מכניסת אורחים.

די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די יידישע באַפעלקערונג פון סעכאָוו פאַרקלענערט געוואָרן. אייניקע משפחות האָבן זיך איבערגעצויגן צו דער נאָענטער באַן־סטאַציע טאַמאַשגאַראַד, אייניקע — קיין קלעסאָוו און סאַרני. אזוי איז אראָפּ דער גלאַנץ פון דעם שטעטל סעכאָוו. ס׳זענען דאָרט פאַרבליבן בלויז געציילטע משפחות.

## טאמאשגאראד

דאַקעגן האָט אָנגעהויבן וואַקסן דער יידישער ישוב ביי דער באַן־סטאַציע טאָמאַשגאָראַד. דאָרט האָבן זיך באַזעצט די משפחות גענדלער, עטשטיין, בלעזשאַווסקי פליישון, נעגעל א.א. די משפחה גענדלער איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט. אייניקע זין פון דער משפחה האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע. ר׳ יוסף גענדלער, א למדן מופלג, איז די לעצטע יאָרן געזעסן יומם ולילה און געלערנט. מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישן איסזען האָט ער אויף אַלעמען געמאַכט א באַצויבערנדן רושם.

די משפחה פון ר׳ אָשר בלעזשאָווסקי מיט זיינע זין אברהמ׳ל און חיים איז אויך געווען באַקאַנט אין דער געגענט אלס אָרנטלעכע סוחרים און עקספּעדיטאָרן פון דער באַן־סטאַציע.

ה׳ שמואל נעגעל, דער איידעם פון ר׳ מנחם זלמן בריסקמאַן (יעצט אין ישראל), האָט זיך אויך באַזעצט ביי דער סטאַציע און אָנגעהויבן פירן גרויסע וואַלד־געשעפטן צוזאַמען מיט זיין שותף ה׳ ראָזנפעלד. דער ה׳ ראָזנפעלד איז געווען א מענטש מיט באַזונדערע הליכות און ביזן לעצטן טאָג פון זיין אומקום איז געווען שווער אים צו דערקענען. אליין אַן עלנטער — מ׳האָט ניט געוווּסט צי איז ער אַן אלמן אָדער א גרוש — שטענדיק א שווייגנדיקער, זייער א קאַרגער, האָט ער זיך באַזעצט אין א קליין צימערל אין א גויישער כאַטקע. נאָר וואָס ווייניקער ער האָט גערעדט, האָט מען אַלץ מער געזען אז ער איז א קלוגער מענטש, א למדן, און ווייסט דווקא ווען און וועמען מ׳דאַרף אונטערשטיצן. ביידע שותפים זענען שטענדיק געווען די בעסטע שפּענדער פאַר קרן קימת און קרן־היסוד, ווי אויך פאַר פאַרשידענע וווילטעטיקע צוועקן.

ס׳איז צו דערמאָנען צום גוטן די באַגאַבטע פרוי שרה פליישון, וועלכע איז אין אירע פריסטע יאָרן געבליבן אַן אלמנה. זי האָט מיט דערפאָלג געפירט וואַלד־מסחר און אויף א שיינעם אופן געפירט איר שטוב און געגעבן א גוטע דערציונג אירע קינדער.

אויך די אנדערע איינוואוינער, קרעמער און בעלי מלאכות האָבן געפירט א שיין און

אָרנטלעך לעבן. די געשעפטן האָבן פּראָגרעסירט און די סטאַציע טאָמאַשגאָראַד איז געווען באַוווּסט אין גאַנץ פּוילן אַלס אַן אָרט פון שפע און פּרנסה, אַן אָרט פון וועלדער און שטיינהאַקע־רייען, און קודם כל — פון אָרנטלעכע מענטשן.

מיטן אָנקומען פון די היטלערישע באַנדעס צוזאַמען מיט די אוקראַיינישע מערדער, זענען אַלע יידישע משפחות אַריבערגעפירט געוואָרן קיין סאַרני און דאָרט זענען זיי אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע ברידער פון דער סאַרנער קהלה.

די יידן פון די סאַרנער אַרומיקע דערפער האָבן געשמט אַלס שיינע בעל־בתּישע משפחות, גוט דערצויגענע און גוט דערצויגן זייערע קינדער. ס׳איז ביי אונדז נישט געווען באַקאַנט דער טיפּ פון אַמאָליקן דאָרף־ייד אָדער אַרענדאַר.

## ניעמאָוויטש

אין דעם דאָרף האָט פיל יאָרן געלעבט אַ יידישע באַפעלקערונג. נאָך פיל יאָרן פאַר דעם אויפבוי פון סאַרני זענען דאָרט געווען יידן למדנים, פון וועלכע די סאַרנער באַפעלקערונג האָט שפּעטער אנגאַזשירט שוחטים, מלמדים און אַנדערע משמשים בקודש. פון דעם דאָרף זיינען געקומען אין אָנהויב פון סאַרנער בויאונג (אין די יאָרן 1900—1901) דער באַליבטער שוחט און מוהל ר׳ זיסקינד גאַמערמאַן, דער זון פונם דאָרטיקן שוחט ר׳ מאיר. מ׳האָט פון דאָרט געבראַכט אַלס לערער די ברידער גאַרפינקל, וועלכע האָבן געלערנט איניקע זמנים אין חדר פון ר׳ אלתר פּרץ גאָלאָוועשקאַ. אייניקע יאָרן איז געווען באַקאַנט אין סאַרני אַלס בעסטער מלמד דער למדן מופלג ר׳ דוד שמעון בינדער, און אויך ר׳ אהרן זוליאַר, אָדער ווי מ׳פלעגט אים שטענדיק רופן ר׳ אהרן דער ניעמאָוויטשער, וועלכער האָט פיל יאָרן געפירט אין סאַרני גרויסע ״חדרים״.

אין די יאָרן 1917/18 ביז 1939/40 איז געווען גוט באַקאַנט אַלס גוטער לערער אונדזער חבר און פריינט שמואל וואַלקון. שמואל וואַלקון איז געווען אַ תלמיד פון די בעסטע ניעמאָוויצער מלמדים און נאָכדעם איז ער געקומען לערנען ביי די בעסערע מלמדים אין סאַרני. פון סאַרני איז ער געפאָרן זוכן תורה און וויסנשאַפט אין דער גרויסער וועלט. אַ פּאָר יאָר איז ער געווען אין אָדעס און געהערט תורה פון ד״ר יוסף קלויזנער, חיים נחמן ביאַליק און אַנדערע גדולי הדור. פון דאָרט איז ער אַוועק קיין קיעוו און שפּעטער געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר אין ווילנע. שמואל וואַלקון איז געווען פיל יאָרן מנהל אין די גרעסטע תרבות שולן אין פּוילן. אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען מנהל ביה״ס תרבות אין ראַקיטנע, ביזן לעצטן טאָג פון זיין אונטערגאַנג.

פיל משפחות פון ניעמאָוויץ האָבן זיך באַזעצט אין סאַרני: די משפחות פון משה גאַרפינקל, משה בינדער, זיסקינד גאַמערמאַן און זיין ברודער שלמה גאַמערמאַן, גרייווער און פיל אַנדערע. די משפחות האָבן מיטגעהאָלפן בויען דאָס יידישע לעבן אין סאַרני און זענען געשטאַנען בראש פון פיל יידישע אינסטיטוציעס. אַ טייל פון זיי, ווי ה׳ משה גאַרפינקל און ה׳ משה בינדער, האָבן זוכה געווען עולה צו זיין מיט זייערע משפחות קיין א״י און דאָ געפונען זייער אייביקע רו אין דער הייליקער ערד פון א״י. דאָקעגן דער גרעסטער טייל פון די ניעמאָוויטשער יידן זענען דורכגע־גאַנגען דעם גרויזאַמען גיהינום צוזאַמען מיט אַלע סאַרנער יידן און זענען אומגעקומען מות קדושים אין די טרויעריקע טעג פון י״ד און ט״ו אלול תש״ב.

## טשודליע

אן אנדערן ארט לעבן האָבן געפירט די יידן פון דעם דאָרף טשודליע: א מין יידיש־פריצישן לעבן, אלץ מיט דער ברייטער האנט. אליין הויך געבויטע, זענען אזוי אויך געווען זייערע מעשים: ברייטע, גרויסע, רחבותדיקע הייזער, אָפן פאר געסט, דורכרייזנדע רבנים, אדמו״רים און סתם נויטבאדערפטיקע יידן. מיר זעען זיי קומען קיין סארני שיין געקליידעט, מיט די ברייטע טכוירענע פוטערס אויף די גרויסע געבעטענע שליטנס, אָדער ביי זייערע נסיעות קיין ווארשע און פּאָזנאַן צו די האנדעלס ירידים. קודם כל גייען זיי אריין צו ר׳ זיסקינד שו״ב און שפעטער צו זיין זון ר׳ שלמה און דערלעדיקן אלע נייטיקע תרומות און מעשרות. פארשטייט זיך, אלץ ביד רחבה.

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָב איך שוין דערמאָנט די שפענדונגען פון ר׳ אהר׳ציק גייפמאַן אין סארני נאָכן טויט פון זיין ערשטער פרוי ציפּע: דאָס הויז פאר הכנסת אורחים, תלמוד תורה, ארוני קודש אין אלע שולן, פּרוכתן. אויך זיין ברודער ר׳ חיים גייפמאַן און זיינע זין זענען געגאַנגען אין דעמזעלבן וועג.

פון די גאָר בכבודיקע טשודליער יידן איז געווען ה׳ משה הערש זאנדער, א למדן און ירא שמים, איינער פון די אָנגעזעענסטע סטאָלינער חסידים. א גוטער און געשמאַקער בעל תפילה און בעל קריאה, נעים הליכות ומעורב עם הבריות. די גאַנצע משפּחה זאנדער איז געווען שטארק פּאָפּולער אין דער סארנער געגענט, ווי ה׳ דוד זאנדער אין סעכאוו און ה׳ אהרן זאנדער אין קיעוו (אייגנטימער פון דער גלאָז פאבריק אין ראקיטנע).

אן אנגעזעענעם אָרט האָט פארנומען אויך די פאַמיליע טשודליער מיט ה׳ יענקל טשודליער בראש, א ייד מיט א הדרת פנים, וועלכער איז געווען געשעצט ביי דער גאַנצער יידישער באַפעל־קערונג אלס אָרנטלעכער סוחר און גוטער מענטש. זאָל אויך דערמאָנט ווערן צום גוטן ה׳ פנחס האלפּרין און זיין פרוי, וועלכע האָבן געפירט זייער קראָם אויף א זייער אָרנטלעכן שטייגער, האָבן געפירט אן אנשטענדיק הויז, און געגעבן א גוטע דערציונג זייערע קינדער (זייערע צוויי זין געפינען זיך אין ישראל). זאָלן מיט דעם אויך דערמאָנט ווערן אלע אנדערע טשודליער יידן, וועלכע זענען אויף אזא גרויזאַמען אופן אומגעקומען אין די געטאָס, אין די וועלדער און די וועלכע זענען געקומען צו קבורה אין די קברי אחים אין סארני.

## סטרילסק

דאָס דאָרף האָט געציילט א 30 יידישע משפחות, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האנדל און מלאכה. דאָס דאָרף איז געווען על אם הדרך סארני, בערעזשניץ, דאָמבראָוויץ. ארום דעם דאָרף זענען געווען נאָך אייניקע דערפער: לושיץ, קארפּילעווקע, אין וועלכע ס׳זענען אויך געווען עטלעכע יידישע משפחות. קיין סטרילסק פלעגן קומען פיל סוחרים פון פוילן און רוסלאנד. די סטרילסקער יידן זענען געווען אידעלע און גרויסע מכניסי אורחים, געניטע סוחרים און בעלי מלאכות. די אָנגעזעענסטע משפחות זענען געווען: שמערל זאַנדוויס, יצחק בער שאָר, יאָסל טייך.

ר׳ שמערל בר׳ יעקב זאנדוויס פון בערעזשניץ איז געווען א ייד א למדן, איינער פון די אָנגעזעענסטע סטאָלינער חסידים און א גרויסער נדבן און מכניס אורח. ביי אים אין שטוב האָט מען געפירט די סטאָלינער שטיבל. מ׳האָט געדאַוונט בהתלהבות און די געזאַנגען ביי די שלוש סעודות און מלווה מלכה׳ס, בפרט אין די ימים טובים און שמחת תורה, האָבן זיך געטראָגן איבערן גאנצן דאָרף. די סטאָלינער אדמו״רים, אָנהויבנדיק נאָך פון ר׳ אהרן און ר׳ אשר און

ר׳ ישראלקע פערלאוו, פלעגן איינשטיין ביי ר׳ שמערלען, און ער פלעגט פאָרן אויף די ימים נוראים קיין סטאלין. קומענדיק פון סטאלין פלעגט ער דערציילן נסים ונפלאות און פלעגט איבערחזרן מיטן עולם אלע ניגונים. זיינע זין: אברהם לייזער, אהרן, זיסקינד, יעקב און יצחק זענען געגאנגען אין זיינע דרכים. זיי זענען געווען באליבט אין דער גאנצער געגנט און האָבן זיך פארנומען מיט צרכי ציבור. זיי זענען אלע געווען גוט סיטואירט. צוזאמען מיט זייער פאָטער ר׳ שמערל האָבן זיי צוגעשטעלט ארבעטער, פויערן פון ארומיקע דערפער, פאר די גרעסטע באוווסטע האָלץ־פירמעס צו די ארבעטן אין די וועלדער און ספּלאַוון. שפּעטער זענען בײדע זין, אברהם לייזער און יעקב, אָפּגעפאָרן קיין אמעריקע. אהרן און זיסקינד האָבן זיך באזעצט אין סארני, און יצחק — אין ראָוונע. די פרוי פון ר׳ שמערל, רבקה רייזל, איז געווען א אשה צדקנית, וואָס האָט געשמט אין די גאנצע געגנט אלס א שיינע און איידלע פרוי און גרויסע מכניסת אורחים.

ר׳ יצחק בער שאר איז געווען א ייד א למדן. ער האָט אויסגעפירט אלע פונקציעס פון א משמש בקודש. ער איז געווען א גרויסער בעל תפילה, בעל קריאה, מלמד און האָט אויך געפּסקנט אלע שאלות במקום א רב. ער איז געזעסן יומם ולילה און געלערנט.

ה׳ יאָסל טייך (אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן יאָסל דער ארענדאר, ווייל ער האָט געהאלטן די מיל אין ארענדע) איז אויך געווען א ייד א למדן, א תלמיד חכם און ירא שמים. ביי אים אין שטוב האָט געדאוונט אַ צווייטער מנין. ה׳ יאָסל טייך איז געווען זייער פּאָפּולער אין דער גאנצער געגנט אלס אָרנטלעכער און קלוגער ייד. ה׳ יוסף טייך איז שפּעטער געוואָרן ר׳ שמערל זאנדוויס מחותן.

דער יונגער דור האָט שוין אין די יאָרן 1915—1917 אָנגעהויבן זיך פארנעמען מיט ציוניסטישער טעטיקייט: מ׳האָט געלערנט עברית און געזאמלט געלט פאר ק.ק.ל. צווישן די טיכטיקסטע ציוניסטישע עסקנים זענען דאן געווען אברהם פורמאן, וועלכער איז שפּעטער געווען לערער אין סארני, און שרגא פּיזויש וואראנא, וועלכער איז אין יאָר 1925 אָפּגעפאָרן מיט אַ גרופּע חלוצים קיין ארץ־ישראל. די ביידע חברים (פורמאן און וואָראָנאַ) האָבן איבערגעלאָזן אין דאָרף ציוניסטישע תלמידים, וועלכע האָבן ממשיך געווען אין דער ריכטונג. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן א ועדה פון קק״ל, און אלע געלטער פלעגן איבערגעשיקט ווערן קיין סארני. אויך זענען אין דאָרף געווען יוגנטלעכע וועלכע זענען אוועק אויף הכשרה און שפּעטער עולה געווען קיין א״י.

## ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה

די טעטיקייט פון דער קהלה איז געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג. די לאַגע פון יידן אין פּוילן האָט זיך פארערגערט, עקאָנאָמיש און מאָראליש. יידן האָבן געזען אין דער קהילה זייער איינציקע שטיצע, און מיט יעדן פאַל פלעגן זיי זיך ווענדן צו איר.

די מלחמה־שטימונג האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין דער לופט אין די יאָרן 1937—1938, ווען די פּוילישע מאכט האָט אָנגעהויבן די פאָרטיפיקאציעס אין סטראשאוו נעבן סארני (דער רוסישער ראדיאָ האָט דאן אָנגעגעבן: זאָל פּוילן ניט סטראַשען מיט סטראשאוו). אין יענער צייט האָט די מאכט אָנגעהויבן באזייטיקן איניקע יידן פון די דערפער, וועלכע האָבן זיך געפונען ביי די פאָרטיפיקאציע־ליניעס. דער גורל איז אויך געפאלן אויף ה׳ פיניע האלפערן פון דאָרף טשודליע. ער האָט באקומען א פאראָרדנונג אין משך פון 48 שעה צו פארלאָזן צוזאמען מיט זיין משפחה דעם דאָרף און די גאנצע וואָלינער געגנט. דער ייד איז געווען א קרעמער און זיין קליין פארמעגן איז געווען צעשפּרייט ביי די פויערים. ער האָט אויך געהאט א הויז און א קליינע ווירטשאפט. ער

האָט ניט געקענט דאָס אַלץ ליקווידירן און האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם דאָרף בעירום ובחוסר כל. ער האָט זיך געווענדעט צו דער קהילה.

נאָך אין דערזעלבער נאַכט איז דער שרייבער פון די שורות אָפּגעפאָרן קיין לוצק צום וואיעוואָדישן אמט, און דאָרט, מיט דער הילף פון סטאָלינער רבין אין לוצק, ר׳ יוחנן פּערלאָוו, און ה׳ באַרזאָק, מיטגליד פונם וואיעוואָדישן ראַט, איז געלונגען אָפּהאַלטן דעם גירוש אויף א מאָנאַט און די משפּחה האָט געקענט פאַרבלייבן לענגער. אין משך פון דעם מאָנאַט איז געלונגען ה׳ האַלפּערן צו ליקווידירן זיין פאַרמעגן, שאַפן א סומע געלט און זיך איינאָרדנען אין א שטעטל נעבן וואַרשע.

די אַנטיסעמיטישע העצע האָט זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. זי איז באַגלייט געווען מיט כוליגאַנישע מעשים מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג, מיט דער פּוילישער סטודענטן יוגנט אין שפּיץ. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין שטעטל פּשיטיק, און אין די אוני־ווערזיטעטן האָבן די סטודענטן אָנגעהויבן שלאָגן די יידישע סטודענטן און פאַרלאַנגט זיי זאָלן זיצן אויף באַזונדערע בענק. די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן געשטעלט פּיקעטן ביי די יידישע קראָמען און באַפאַלן די קונים, וועלכע זענען געגאַנגען מאַכן זייערע קניות ביי יידן. אַלץ אָפטער האָט מען באַפאַלן יידן אין די גאַסן און זיי געשלאָגן מכות רצח.

אין די זומער חדשים פון יאָר 1939 איז שוין קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען אַז א מלחמה איז אומפאַרמיידלעך און אַז זי וועט אויסברעכן אין א קורצער צייט. ווען ס׳איז באַוווּסט געוואָרן, אַז די אונטערהאַנדלונגען צווישן די מערב פאַרשטייער און רוסלאַנד האָבן זיך געענדיקט מיט דורכפאַל און אַז ס׳איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער הסכם מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ, איז געוואָרן קלאָר אַז די טעג און אפשר די שעהן צו דער וועלט־מלחמה זענען געציילטע. כמעט אינסטינקטיוו האָט מען דערפילט אַז די קאַטאַסטראָפע איז נאָענט. די סאַרנער יידן האָבן געדענקט די אַרומיקע אוקראַינישע באַפעלקערונג נאָך פון די צייטן פון פּעטלורעס פּאָגראָמען. רוסלאַנד האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד — וועט זי דאָך קיינעם צו זיך ניט אריינלאָזן. האָט זיך ממילא געשטעלט די גורלדיקע פראַגע: וווהין אַנטלויפט מען?!

אָט אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן: די לעצטע טעג פון אויגוסט 1939 האָט פּוילן דערקלערט א מאָביליזאַציע פון מיליטער. די קאַשאַרן פון סאַרני זענען איבערפילט געוואָרן מיט זעלנער, צווישן זיי פיל יידן פון סאַרני און סביבה. צוגן מיט מיליטער זענען אַדורכגעפאָרן סאַרני מיט די אויפשריפטן ראַקיטנע — בערלין, לונינעץ — בערלין. די גאַנצע באַפעלקערונג איז ווי צע־מישט געוואָרן און געוואַרט בלויז אויף דער ידיעה וועגן אָנהויב פון קריג. דעם 1־טן סעפּטעמבער פרי האָט דער פּוילישער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז פאַרטאָג איז די דייטשע אַרמיי אַריבער די פּוילישע גרענעץ אָן א קריג־דערקלערונג און דעריבער דערקלערט די פּוילישע רעגירונג קריג־צושטאַנד מיט דייטשלאַנד און פון דער שעה אָן פאַרפליכטן אַלע באַזונדערע קריג־צושטאַנד־געזעצן.

והעיר סאַרני נבוכה.

די מאַכט אין שטאָט איז אַריבער צום מיליטער. ס׳איז דערקלערט געוואָרן א מאָביליזאַציע פון אַלע וואָס האָבן געהערט צו די אַנטי־לופט אָנגריפן, בראש פון וועלכע ס׳זענען געשטאַנען קאַפּיטאַן מאַטולסקי און זיין געהילף — דער באַוווּסטער כוליגאַן און שונא ישראל, געוועזענער סעקרעטאַר פון מאַגיסטראַט קאַזיק קאַסטראַן.

פינסטער איז געווען אין די גאַסן, אָבער נאָך פינסטערער איז געווען אויף די יידישע הערצער.

דורכן ראַדיאָ האָט מען באַקומען ידיעות פון די ערשטע קריג רעזולטאַטן: די דייטשע אַרמיי גייט פאָרויס און איז זיך שנעל מתקרב צו אונדז. גאַנצע פּאָלקן און קאָרפּוסן ווערן אַרומגערינגלט דורך דער דייטשער אַרמיי. אַלע באַן־וועגן און שאָסייען זענען איבערפולט מיט פּליטים, וועלכע ווערן אָן רחמנות באַשאָסן דורך די עראָפּלאַנען, טויטע און פאַרוואונדעטע וואַלגערן זיך אויף די וועגן.

סאַרני איז אויך באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די נאַצישע עראָפּלאַנען. דער ערשטער קרבן, ווײַנער דעם שוסטערס זון, איז געפאַלן שטייענדיק נעבן זײַן קראָם. אַ טראַגישער גורל פון דער משפּחה: דער ערשטער קרבן אין ערשטן וועלט־קריג איז געפאַלן, אויך פון אַ באָמבע וועלכע איז געפאַלן אויף דער שטוב, דער פאָטער פון דער משפּחה, און אין דעם צווייטן וועלט קריג איז געפאַלן דער עלטסטער זון פון דער משפּחה.

דער שטראָם פון די יידישע פּליטים האָט דערגרייכט אויך קיין סאַרני. אַלע יידישע הייזער, סעדער, גערטנער, שולן, בתי מדרשים זענען איבערפילט געוואָרן פון מידע מענטשן, וועלכע זענען צופוס געלאָפן פון וואַרשע, לאָדזש, קראָקע און אַנדערע פּוילישע שטעט. גרויזאַם זענען געווען די ידיעות וועלכע די פּליטים האָבן איבערגעגעבן. יידיש לעבן, האָב און גוטס, איז געוואָרן הפקר, טויזנטער יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן נאָר ווייל זיי זענען געווען יידן.

דעם 3־טן סעפּטעמבער איז געוואָרן אַ ביסל פריילעכער אויפן הארץ. ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן דערקלערט קריג דייטשלאַנד. מ'האָט אָנגעהויבן קוקן אויפן הימל און זוכן עראָפּלאַנען פון די פאַרבינדעטע. אמערסטן האָט מען געלייגט האָפנונג אויף פראַנקרייך, אָבער אַלע האָפנונגען און אילוזיעס זענען זיך שנעל צערונען און מיר זענען געשטאַנען פאַר טרויעריקע פאַקטן.

די נאַצישע בעסטיע האָט שוין פאַרנומען לובלין און כעלם. אין כעלם האָבן זיי פאַרנומען 1500 יידן און אויפן וועג זיי אַלע אומגעבראַכט. פּליטים פון דאָרט זענען וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך סאַרנער יידן.

דעם 17־טן סעפּטעמבער, זיצנדיק אין דער פינסטער ביים ראַדיאָ, האָט זיך געהערט די ידיעה, אַז די רויטע אַרמיי איז אַריבער די פּוילישע גרענעץ מיטן צוועק אויסצושטרעקן אַ ברודערלעכע האַנט דער אוקראַינישער און ווייס־רוסישער באַפעלקערונג. די ידיעה האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט פון איינעם צום צווייטן, ווייל רעדן הויך האָט מען מורא געהאַט. מ'האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס זאָל באַדייטן: צי קומט רוסלאַנד העלפן פּוילן קעגן דייטשלאַנד אָדער זי וועט זיך באַגעגענען מיט דער דייטשער אַרמיי און צוזאַמען אַרויסטרעטן קעגן ענגלאַנד און פראַנקרייך?

די פאָרשטייער פון דער פּוילישער מאַכט האָבן אויך ניט געוואוסט וואָס דאָס זאָל באַדייטן. אַ טייל האָבן געזאָגט אַז די רעשטלעך פון דער פּוילישער אַרמיי הויבן זיך אָן אָרגאַניזירן אין דער וואָלינער געגנט און וועלן געבן אַ גרויסן ווידערשטאַנד דער רוסישער אַרמיי נעבן דער פעסטונג ליניע ביי סטראַשאָוו. די פּוילישע רעגירונג איז דאַן געווען אין שטאָט קרעמעניץ. דאַקעגן האָבן אַנדערע געזאָגט, אַז די סאָוועטישע אַרמיי קומט אַריין מיט דער הסכמה פון דער פּוילישער רעגירונג. אונדז יידן האָט די ידיעה שטאַרק דערמוטיקט; זי איז פאַר אונדז געווען אַ האָפנונג פון אַ ישועה.

דעם 18־טן סעפּטעמבער בייטאָג איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אויפן בנין פון שטאָט־ראַט (ש. גיפּש'ס הויז) אַ ווייסע פאָן, און אַ דעלעגאַציע פון דער פּוילישער מאַכט, בראש מיטן שעף

פארטרעטער פון דער פאוויאטאווער פאַליציי קאַמאַנדע, איז ארויסגעפאָרן צום דאָרף ניעמאַוויץ מקבל פּנים זיין די געסט און זיי איבערגעבן דעם שליסל פון דער שטאָט. גלייכצייטיק איז געגעבן געוואָרן א באפעל די רעשטלעך פון דעם מיליטער אין דער געגנט, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן דער ריסישער ארמיי.

ווען די דעלעגאציע איז גאָר צוגעפאָרן צו די פארפאסטן פון דער סאוועטישער ארמיי, האָט דער שאָפער פונם פאַליציי־שעף ארויסגעשריגן: "זאָל לעבן די רויטע ארמיי!" דער פאַליציי־שעף האָט זיך אזוי צעמישט, אז ער האָט גלייך ארויסגעכאפּט דעם רעוואָלווער און דערשאָסן זיין שאָפער. די פארפאסטן, דערהערנדיק א שאָס, האָבן געעפנט א פייער, און פון ביידע צדדים זענען געפאלן עטלעכע קרבנות. צווישן זיי זענען אויך געפאלן איניקע יידישע זעלנער פון דער פוילישער ארמיי, וועלכע זענען געבראכט געוואָרן צו קבר ישראל אין סארני. ס'איז אויך געפאלן דער פארטרעטער פון פאַליציי שעף.

די סארנער קאָמוניסטן (יידן און קריסטן) האָבן צוגעגרייט א טריאומף־טויער ביים אריינ־קום קיין סארני פון דער ניעמאָוויטשער זייט, ניט ווייט פון ראסקינס טארטאק, וווהין ס'האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פיל איינוווינער פון סארני. דעמזעלבן טאָג האָבן אריינמארשירט אין שטאָט א סך אָפּטיילונגען פון דער רויטער ארמיי פון אלע פאַרמאציעס.

והעיר סארני צהלה ושמחה.

## אונטער דער סאוויעטישער הערשאפט
## (סעפטעמבער 1939 - יוני 1941)

דער גרויסער שטראָם פונם סאָוועטישן מיליטער האָט זיך געצויגן עטלעכע טעג. ריזיקע אָפּטיי־לונגען פלעגן דורכגיין סארני, זיך אָפּרוען איניקע שעה און מארשירן ווייטער אין דער ריכטונג פון מערב. די רויטע ארמיי האָט אין איניקע טעג דערגרייכט ביז לובלין, און דערנאָך זיך צוריקגעצויגן ביזן טייך בוג.

אין איינע פון די פרימאָרגן שעה'ן, דעם 19־טן סעפּטעמבער, בעתן דורכמארשירן פון איניקע אָפּטיילונגען דורך דער ברייטער גאס, איז געפאלן א שאָס פון דער ריכטונג פון איינע פון די ארומיקע געסלעך. ווי ס'ווייזט אויס, האָט איינער פון די פארבליבענע פוילישע פאטריאָטן געוואָלט אזוי ארום אויסדריקן זיין צער און ווייטיק קעגן דער טאט פון דער רויטער ארמיי. די מיליטער־אָפּטיילונג האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעשטעלט אירע הארמאטן און מאשינען־געווער און אָנגעהויבן שיטן פייער אויף די הייזער פון דער ברייטער גאס. אין דער גאנצער שטאָט איז געוואָרן א גרויסע מהומה.

די שיסעריי האָט געדויערט בלויז איניקע מינוטן. ס'ווייזט אויס, אז דער גאנצער ענין איז אויפגעקלערט געוואָרן דורך דער אָרטיקער צייטווייליקער מאכט און דורכן מיליטערישן קאָמאנדאנט.

די גאנצע צייט פונם מארשירן איז דאָס מיליטער אויפגענומען געוואָרן מיט שטורמישע אָוואציעס דורך דער באפעלקערונג. אמערסטן האָבן זיך געפרייט די יידן. דאָס מיליטער איז זיך באגאנגען זייער העפלעך און פריינדלעך. די קאָמאנדירן פלעגן זיך אָפּשטעלן ביי די שטייענדיקע רעדלעך מיט מענטשן און פלעגן פארפירן פריינדלעכע שמועסן. זיי האָבן זיך באמיט צו בארואיקן

די באפעלקערונג און האָבן געזאָגט, אז סאָוועט רוסלאַנד איז א גן עדן פאר אלע נאציאָנאליטעטן. זיי האָבן געראָטן זיין רואיק און יעדער זאָל זיך פארנעמען מיט זיין ארבעט, אין רוסלאַנד איז אלץ דאָ לרוב, און די רויטע ארמיי און די סטאלין קאָנסטיטוציע וועלן אונדז באשיצן לעולמי עד. דאָסזעלבע האָט מען אויך דערקלערט אויף אלע מיטינגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין אלע טיילן פון שטאָט.

ס׳איז באלד געגרינדעט געוואָרן א צייטווייליקער ראיאָן אויספיר־קאָמיטעט (״וורעמענני ראַיאָנני איספאָלניטעלני קאָמיטעט״) אין דער געביידע פונם געוועזענעם סטאראָסטווא־אמט. דער ראיאָן־קאָמיטעט איז גלייך צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן אלע אָפּטיילונגען, וועלכע זענען גע־ווען אויך אין געוועזענעם סטאראָסטווא: אַפּראָוויזאציע, בילדונג, האנדל, אינדוסטריע א.א.וו. אין דער שפּיץ פון יעדער אָפּטיילונג איז געשטעלט געוואָרן א ציווילער קאָמוניסט, וועלכער איז געקומען גלייך מיט דער אריינמארשירונג פון דער רויטער ארמיי פון רוסלאַנד. מ׳פלעגט זיי רופן ״וואסטאָטשניקעס״, ד.ה. מענטשן פון מזרח. מיר אלע האָבן זיך גערופן ״זאפאד־ניקעס״, מערב מענטשן. די מאכט אָרגאנען האָבן געהאט ווייניק צוטרוי צו די מערב מענטשן — אפילו צו קאָמוניסטן, וועלכע זענען אָפּגעזעסן פיל יאָרן אין די פּוילישע תפיסות. די מיינונג פון דער מאכט איז געווען, אז די פוילישע קאָמוניסטן זענען ניט גוט דערצויגן געוואָרן דורך די פריערדיקע אָנפירער, וועלכע האָבן זיך ארויסגעוויזן אלס טראָצקיסטן. דאָך האָבן זיי זיך די ערשטע צייט באנוצט מיט די אָרטיקע קאָמוניסטן אלס ראט־געבער. זיי האָבן גערופן די אָרטיקע קאָמוניסטן ״דער קאָמוניסטישער אקטיוו״ און האָבן זיי צוגעזאָגט, דאָס אויב זיין וועלן זיך גוט אויפפירן, וועלן זיי נאָכהער אויפגענומען ווערן אלס קאנדידאטן אין דער פארטיי. מ׳קאָן זאָגן אז אונדזערע קאָמוניסטן האָבן אויסגעפירט זייער שליחות באמונה: זיי האָבן דערלאנגט ידיעות וווּהין מ׳דארף און וואָס מ׳דארף. די מאכט־אָרגאנען האָבן דורכגעפירט רעוויזיעס, קאָנפיסקאציעס און ארעסטן פונקט אויפן ריכטיקן אָרט, לויט דער אינפאָרמאציע פון די אָרטיקע קאָמוניסטן אָ׳ן אמאָל מיט זייער אָפיציעלער באטייליקונג.

אלע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס זענען געוואָרן געשלאָסן: לחם עניים, לינת הצדק און די קהילה. דאָס גאנצע פארמעגן פון די אינסטיטוציעס איז איבערגעפירט געוואָרן צו דער צייטווייליקער שטאָטישער זעלבסט־פארוואלטונג — ״וורעמעננאיע גאראדסקאיע אופראווליע־ניע״. דאָרט זענען געווען צייטווייליק די ראשי המדברים אונדזערע שטאָטישע יידישע קאָמו־ניסטן. די קהילה־פארוואלטונג האָט איבערגעגעבן א שרייב־מאשין צו מרדכי פעטשעניק אלס דעקונג פאר א חוב וואָס איז געקומען דער משפחה, האָט באלד אויף דעם רעאגירט א סארנער קאָמוניסט און באפוילן צוריקגעבן די מאשין, ווייל ״מיר ווייסן אלץ״.

די תרבות שולע איז געווען געשלאָסן אייניקע טעג, דאן האָט זי זיך געעפנט און די אונטעריכט שפּראך איז געוואָרן יידיש.

נאָכדעם ווי זיי זענען געוואָרן גוט אויסגענוצט, זענען די אָרטיקע קאָמוניסטן געשטעלט געוואָרן אין א זייט און האָבן פארנומען פּאָסטנס פון קליינער באדייטונג. מערסטן זענען זיי געשטעלט געוואָרן ״איש על מחנהו ואיש על דגלו״, ד.ה. א שניידער איז אוועק אין זיין שניידער אַרטעל, א שוסטער צו אַ שוסטער א.א.וו. בראש פון די ארטעלן זענען דווקא געשטעלט געוואָרן נישט געוועזענע קאָמוניסטן נאָר געוועזענע גוט סיטואירטע בעלי־בתים, וועלכע האָבן פריער געהערט צו ציוניסטישע פארטייען. יעקב בריק איז געוואָרן פּאָרזיצער פון דעם שניידער

ארטעל, פאסמאַן — פאַרזיצער פון דעם ארטעל פון פארבער און מאַליער, לאַייעווסקי — הויפּט בוכהאַלטער פון "באַזאנארקאַמסאַרג", פּיניע גייפמאַן — הויפּט־בוכהאַלטער פון "רייפאַטרעב־סאַיוז", בערעזין — וויצע־דירעקטאָר פונם סארנער "לעספּראָמכאָז" (איינע פון די גרעסטע אונטערנעמונגען פון האָלץ־האַנדל און אינדוסטריע) און נאָך פיל אַזעלכע ביישפּילן.

אין סארנער "לעספּראָמכאָז", וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט וואַלד־עקספּלאָאַטאַציע און עקספּעדיציע פון די בעסטע וואַלד־מאַטעריאַלן, וואָס זענען פאַרנוצט געוואָרן אפילו צו ריין סטראַטעגישע באַדערפענישן (אוויאַציע־מאַטעריאַל, בריקן, פּלאַט וכדומה), זענען אנגאַזשירט געוואָרן געוועזענע האָלץ סוחרים און בראַקאַרעס (ספּעציאַליסטן פון דער האָלץ בראַנזשע) פון דער סארנער באַפעלקערונג.

די פאַרטרויליכסטע ארבעטן, ווי אָנפירן מיט גרויסע וואַלד־שטחים פון דער סארנער סביבה: די מלוכה־וועלדער, די וועלדער פון גראַף פּלאַטער, שיטשעווסקי א.א. זענען איבערגעגעבן געוואָרן יידישע ספּעציאַליסטן. אזוי איז באַשטימט געוואָרן אויף די וועלדער פון דאמבראָוויצער ראַיאָן ה' אַבראַהם'ל גילדענגאַרן (ברודער פון נחמיה גילדענגאַרן, יבדל לחיים, אין ישראל), אויף די וועלדער פון מאַלינסקער ראַיאָן — ה' לייבל חאַנעס (דער פאָטער פון סענדער און נתן חנית אין ישראל, יבדלו לחיים), אויפן ראַיאָן פון וולאַדימערעץ איז באַשטימט געוואָרן אונדזער חבר ישראל קאַראַבוצקא (ישראל קרבי אין ישראל), אויפן בערעזשניצער ראַיאָן — ה' אהרן ריצמאַן (יעצט אין ישראל) און אלס זיין פאַרטרעטער ה' משה'ל פּיקמאַן. צו זיי איז אנגאַזשירט געוואָרן א שטאַב פון יידישע וואַלד באַאַמטע: דוד קאָרנבלום (דער פּוילישער), יצחק זאַנדבערג, וועלוול סוכאַר־ראָזמאַן (דער פאָטער פון לוי סוכר אין ישראל), און נאָך פיל אַנדערע.

ס'איז כדאי פעסטצושטעלן איין גוטן פאַקט: אין סארני איז פאַר דער גאַנצער צייט ניט ארעסטירט געוואָרן און ניט ארויסגעשיקט געוואָרן קיין ציוני. דאָסגלייכן זענען ניט ארויסגעשיקט געוואָרן קיין פאַרמעגלעכע משפּחות. אפילו נישט די, ביי וועלכע די געשעפטן זענען קאָנפיסקירט געוואָרן. אזוי זענען געבליבן אין סארני וווינען, זאָגאַר אין זייערע הייזער, די משפּחות ליאָווא קליין (זיין ברודער מענדל קליין מיט דער משפּחה האָבן אליין פאַרלאָזט סארני), מענדל זינדל, גיפּש, גאָלדענשטיין, משה קאַראַבוצקא א.א. ס'זענען ניט פאַרמאַכט געוואָרן און ניט קאָנפיסקירט געוואָרן קיין שול און בית־מדרש. ס'זענען ניט אָנגערירט געוואָרן קיין איין משמש בקודש, רבנים, שוחטים, מלמדים, ראשי הישיבה והת"ת. דאַקעגן זענען ארעסטירט און ארויסגעשיקט געוואָרן פיל פּוילישע קריסטן, געוועזענע אָפיצירן א.א., בתוכם 4—5 יידישע משפּחות, מיט וועלכע די קאָמוניסטן האָבן געהאַט זייערע חשבונות.

ס'זענען געווען פאַלן פון ארעסטן און טורמע, אָבער ניט פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס נאָר פאַר עבירות פון האַנדל און ספּעקולאַציע און "ניעדאָסטאַטשא". אויב עמעצער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר א מלוכה קראָם אָדער אַנדערע אונטערנעמונגען, און די קאָנטראָל האָט ענטדעקט אז ס'פעלט סחורה, האָט מען פאַר אַזעלכע חטאים באַקומען 5 יאָר טורמע. ווען מ'האָט גערופן צו די אויספאָרשונג־אמטן האָט מען קיינמאָל ניט געוווּסט צי מ'וועט פון דאָרט בכלל צוריקקומען. ליצני הדור האָבן געזאָגט, אז די ראשי תיבות פון נ.ק.וו.ד. באַדייטן: „ניע זנאַיעש קאגדא ווערנישסיא דאָמאָי" (דו ווייסט ניט ווען דו וועסט זיך צוריקקערן אהיים). חברים פון פיל יאָרן האָבן אויפגעהערט זיך טרעפן, צוליב עינא בישא.

איז שוין דערמאָנט געוואָרן, האָט פון ערגעצוואו באַקומען אַ האָק. זיי האָבןביידע אָנגעהויבן צעשטערן דעם פּלויט. אין דעם צייט האָט מען אונטערגעצונדן די דריי הייזער. אַ מאַסע מענטשן האָט זיך געוואָנדעט אין דער ריכטונג פון צעשטערטן פּלויט. די דייטשן דאַקעגן האָבן געשאָסן אויף די אַנטלאָפענע מיט מאַשינען־געווער און האַנט־גראַנאַטן. איך בין אויך געווען צווישן די אַנטלאָפענע, וועלכע האָבן אנטיילגענומען אין צושטערן דעם פּלויט. כ׳האָב אויף זיך געבעטן דעם טויט כדי כ׳זאָל נישט דאַרפן צוזען דעם טויט פון מיין טייערע פרוי און קינדער. די מאַסן מענטשן האָבן מיך אומגעוואָרפן און געטראָטן מיט די פיס. אויף מיין קערפּער האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ בארג פון קערפּערס, וועלכע זענען דערהרגעט אָדער דערשטיקט געוואָרן פון דעם וואָס איינער האָט צוגעדעקט דעם צווייטן.

איך שאַץ אַפּ אַז ביים צעשטערן דעם פּלויט זענען אומגעקומען ביי 2500 מענטשן און ביי 1000 איז געלונגען צו אַנטלויפן.

די אוקראַינישע פּאָליציי צוזאַמען מיט די נאַציס האָבן אויף זיי געמאַכט אַ יאַגד אין די גאַסן פון שטאָט און האָבן פיל פון זיי דערמאָרדעט. אין דעם געיעג נאָך די אַנטלאָפענע האָבן אָנ־טיילגענומען כמעט אַלע קריסטלעכע בירגער. פון די דערמאָרדעטע און פאַרוווּנדעטע פלעגן זיי גלייך אַראָפּציען די קליידער. אין די דריי בנינים, אין וועלכע ס׳איז אויסגעבראָכן די שרפה, זענען אומגעקומען לויט מיין אָפּשאַצונג ביי 1000 מענטשן, לרוב פרויען און קינדער.

ווי כ׳האָב אויבן דערמאָנט, בין איך געווען גרייט צו שטאַרבן און כ׳האָב משלים געווען מיטן גורל, אָבער אַן אינערלעכער כוח האָט מיך געטריבן ווייטער און ווייטער. עס איז מיר געלונגען ווי עס איז זיך אַרויסצוקריגן און אַנטלויפן, כ׳בין ניצל געוואָרן קעגן מיין ווילן. מיין אָרט האָט געזאָלט זיין ביי מיין פרוי און קינדער, צוזאַמען מיט דער גרויסער משפחה פון סאַרנער יידן, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן און געפאַלן אויף קידוש השם.

אין דעם שרעקלעכן טאָג זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין סאַרני מיט אַ שרעקלעכן טויט צווישן 14—15 טויזנט יידן.

פיר גרויסע און טיפע גריבער זענען אויסגעגראָבן געוואָרן פאַר די קרבנות. דריי אין וועלדל אונטער דעם סטאַראָסטווע, און דער פערטער נישט ווייט פון זיי — דאָרט ווו ס׳האָט זיך געפונען אַמאָל די סמאָלע פאַבריק.

דער גרוב איז איבערגעפּילט געוואָרן מיט קערפּערס און ווען ער איז צוגעדעקט געוואָרן, איז דאָרט געוואָרן אַ בערגל.

די קינדערלעך ביז 12 יאָר זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן לעבעדיקערהייט אין אַ ספּעציעל אויסגעגראָבענעם גרוב און מ׳האָט זיי אומגעבראַכט דורך האַנט־גראַנאַטן. מיט אַזאַ בעסטיאַלישן טויט זענען אומגעבראַכט געוואָרן אונדזערע ליבסטע.

אין שפּיץ פון דער גרויזאַמער אַקציע, אין וועלכער עס זענען אומגעקומען די יידן פון סאַרני און אומגעגנט, איז געשטאַנען דער אַלטער, זעכציק יעריקער, טייוול, דער ס.ס.־מאַן שומאַכער, ימח שמו וזכרו.

## ציגיינער אין סאַרנער געטאָ

אין סאַרנער געטאָ זענען אויך געבראַכט געוואָרן ציגיינער — פרויען, מענער און קינדער, ביי הונדערט נפשות. מען האָט זיי פאַרקוואַרטירט אין גרויסן בנין פון די ברידער ווינזאַווסקי, דער בנין פון „אוזשאַנד סקאַרבאָווי״. דער יודנראַט האָט געמוזט זאָרגן פאַר זייער אויסהאַלטונג. די

יידישע באַפעלקערונג האָט געטראָגן אַ קיילעכדיקע לאַטע, דאקעגן די ציגיינער — אַ לענגלעכע געלע לאַטע. די ציגיינער האָבן זיך באַציוגן צו די יידן מיט שנאה. זיי פלעגן טענה׳ן פאַר דער אוקראַינישער מיליציע, דאָס זיי זענען קריסטן און פלעגן ווייזן די צלם׳לעך. דער ענטפער פון די אוקראַינער פלעגט זיין: "היינט איז דערהאַלטן געוואָרן אַ באַפעל אייך אַלעמען צו דערמאָרדן".

אין דעם טאָג פון אומקום זענען זיי געווען די ערשטע, וועלכע די דייטשן האָבן דערמאָרדעט.

## די באַציונג פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג

אַ באַזונדערע פרשה איז די באַציונג פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג צו די יידן אין דער תקופה פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

בעת די דייטשן האָבן געפירט די יידישע באַפעלקערונג אויפן אומשלאַגספּלאַץ זענען געשטאַנען מאַסן קריסטן פון ביידע זייטן וועג און האָבן זיך צוגעקוקט נישט גלייכגילטיק אָדער מיט מיטלייד, נאָר להיפך, מיט אומבאַשרייבלעכער פרייד. זיי האָבן געהאַט פון וואָס זיך צו פרייען, זיי האָבן אויף דעם טאָג געוואַרט. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי וועלן קענען אָפּירשענען דעם האָב און גוטס פון די יידן, וועלכע האָבן אים דעראָבערט מיט שווייס און בלוט אין משך פון צענדליקער יאָרן.

ביים אויספירן דעם מאַסן מאָרד פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן אָנטיילגענומען אַלע שיכטן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, סיי אוקראַינער און סיי פּאָליאַקן. בשעת דער רדיפה, וועלכע די נאַציס האָבן איינגעאָרדענט אויף די יידן אין די גאַסן נאָכדעם ווי זיי זענען אַנטלאָפן פון פלאַץ נאָכן איבעררייסן די דראָטן, האָבן די איינוווינער דערמאָרדעט פיל יידן, נישט רעכענענדיק זיך מיט פרויען און קליינע קינדער. פון די קדושים האָבן זיי גלייך אַראָפּגעריסן די קליידער.

די ערשטע זענען געווען די אוקראַינישע מיליציע און די ערגסטע צווישן זיי, וועמענס נעמען דאַרפן פאַרשריבן ווערן אויף אייביקע שאַנד, זענען געווען: דאַבטשינסקי פון דאָרף דאָראָטיטש, קאָזלאָוו, די דריי ברידער נאָטקין: קאַליע, פּאַוולאָ און דער דריטער דער ערגסטער פון זיי — סיעראָזשקאַ. ער איז געווען אַ גרויזאַמער מערדער, וועלכער האָט מיט זיינע הענט אומגעבראַכט הונדערטער יידן. ער איז געווען דער וויצע־קאָמענדאַנט פון דער אוקראַינישע מיליציע און אין זיינע הענט האָט זיך געפונען דער שליסל פון געפענגעניש. סיעראָזשקאַ איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן, צוליב דעם וואָס ער האָט באַפרייט זיינעם אַ חבר — אַ רוצח, וועלכער איז געווען פאַרמשפּט דורך די דייטשן צום טויט און אָנשטאָט אים האָט ער געכאַפּט אַן אומשולדיקן פויער און אים דערמאָרדעט אויפן אָרט פון זיין פריינט. די ברידער נאָטקין האָבן ראַבירט און אָנגעקליבן פיל יידיש גוטס. נאָך צוויי רוצחים פון צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן זיך בעסטיאַליש באַגאַנגען מיט יידן, זענען געווען: אַנטעק וואַסעצקי און דער מוליער ראַטשקאָ. וואַסעצקי האָט פערזענלעך דערמאָרדעט צענדליקער יידן און צווישן זיי דעם הער מענדל זינגדל ז״ל.

ראַטשקאָ האָט געוווינט אויף דער פּאָליעסקער זייט פון שטאָט. ער איז געווען פון פאַך אַ מוליער, אַ קראַנקער אויף סיפיליס, מיט אַ צעפוילטע נאָז. אין טאָג פון דער שחיטה, ווען צענדליקער יידן זענען אַנטלאָפן פון אומקום־פּלאַץ, האָט דער רוצח ראַטשקאָ מיט אַ האַק אין דער האַנט זיי נאָכגעיאָגט און מיט אומבאַשרייבלעכן סאַדיזם געמאָרדעט.

אויך ער האָט באַקומען זיין סוף. זיין פרוי האָט זיך פאַרליבט אין אַ נאַצי און האָט איבער־

געגעבן די דייטשן, אַז איר מאַן איז קראַנק מיט אַ ווענערישער קראַנקהייט און איז אַ סכנה פאַר זיין פרוי און קינדער. אַ געסטאַפּאָ מאַן איז געקומען צו אים אין וווינונג, האָט אים געפירט אין דערבייאיקן וועלדל און דאָרט דערשאָסן.

דער שטאָט בורמיסטש מארעניוק האָט זיך געחברט מיט אַלע רוצחים. טאָג טעגלעך פלעגט ער פאַרברענגען אין זייער געזעלשאַפט, טרינקען און הוליען מיט זיי צוזאַמען, פאָדערנדיק פון יודנראַט ער זאָל צושטעלן פאַר זיי אַלדאָס גוטס.

צו דער קאָמפּאַניע האָט אויך געהערט דער אינזשיניער פון דער עלעקטריציטעט־געזעלשאַפט, אנידערטרעכטיקער מנוול. אַ וואָך פאַר דער שחיטה איז ער אַריין אין הויז פון דער משפחה ליפשיץ און האָט זיי געוואָרנט זיי זאָלן נישט וואַגן אַרויסנעמען עפעס פון זייער וווינונג, ווייל אַלעס געהערט צו אים. ער האָט וואַרשיינלעך געוווּסט וועגן דער שחיטה וואָס האָט געדאַרפט פאַרקומען און נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביזן באַשטימטן טערמין. ווען די רוסן זענען צוריקגעקומען, איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך דער נ.ק.וו.ד. ער האָט געפונען זיין טויט אין דער אַרעסטאַנטן־צעלע, ווען אַ דייטשע באָמבע האָט צעשמעטערט די תפיסה־געביידע.

אויפן סאכאלין האָט געוווינט אַן אוקראַינישער לערער. זיין נאָמען געדענק איך נישט. דער לערער האָט אָפּגעפירשנט דאָס האָב און גוטס פון צענדליקער יידישע פאַמיליעס און האָט אויפגעזאַמלט גאַנצע אוצרות. איינמאָל ווען זיין פאַמיליע, וועלכע האָט געציילט 8 נפשות, איז געזעסן ביים געדעקטן טיש צום אָונטברויט, האָט געטראָפן אין הויז אַ באָמבע פון צוויי טאָן און האָט זיי אַלעמען באַגראָבן לעבעדיקערהייט.

פון גאַנצן הויז און פון דער מערדער משפחה איז נאָר געבליבן אַן אנדענק אין פאָרם פון אַ ברייט און טיף גרוב.

## דאָס אַנטלויפן

נאָר אַ קליינער טייל פון די אַנטלאָפענע, וועלכע האָבן זיך דורכגעריסן דורך דעם פלויט, האָט זיך געראַטעוועט און עס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן אין די וועלדער פון וואָלאָדימירעץ און קאַראַסין. אַנטלויפנדיק האָב איך געטראָפן אַ מיידל פון דאָמבראָוויץ, אַ בחור'ל מיטן נאָמען ליפע פינקעלשטיין, וועמענס פאָטער איז געווען באַזיצער פון אַ גאַרבאַרניע אין דאַווידּ־האָראַדאָק און איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר דורך די סאָוויעטן אַלס נישט לאָיאַלער בירגער אין סאַרני און אשר פישביינ'ס פון וואָלאָדימירעץ צוויי קינדער. צוזאַמען — 5 פערזאָן.

מיר זענען צוגעגאַנגען ביז צום טייך האָרין ביים דאָרף קוראַש. איבערגיין דעם טייך מיטן פּאָראָם איז געווען אוממעגלעך, ווייל ס'האָט דאָרט געדראָט אַ געפאַר אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער אוקראַינישער מיליץ, אָדער אין די הענט פון די פויערן, וועלכע זענען אין די טעג אומגעוואַנדלט געוואָרן אין ווילדע חיות פון דעם ערגסטן סאָרט. ביז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין די קוסטעס ביי די ברעגן פון טייך.

שפּעט ביינאַכט איז געוואָרן זער שטיל. פון די געביידעס אויפן אומקום פּלאַץ האָט מען פונדערווייטנס געזען דריי וואָלקנס רויך פאַרשוואַרצן די הימלען.

כ'האָב איבערגעשווימען דעם טייך כדי צו געפונען אַ שיפל און איבערפירן מיינע פיר באַגלייטער. אויף דער צווייטער זייט האָב איך געפונען אַ שיפל אָן וועסלעס און כ'האָב איבערגעפירט אַלעמען בשלום. איך האָב געוואָלט זיך דערשלאָגן קיין פינסק.

די גאַנצע נאַכט זענען מיר געגאַנגען צופוס דורך די פעלדער. מיר האָבן אויסגעוואַכט זיך

נישט דערנענטערן צו די דערפער, ווו עס האָט אויף אונדז געלויערט דער טויט. מידע און דערשעפּטע זענען מיר דערגאַנגען צו אַ לוג און זיך איינגעגראָבן אין די סטערטעס. צוויי טעג זענען מיר געלעגן אין די סטערטעס אָן עסן און טרינקען. אויפֿן דריטן טאָג האָט אונדז דער הונגער שטאַרק געמאַטערט. פישביין׳ס קינדער, וועלכע האָבן געקענט די געגנט, האָבן זיך געלאָזט אין דאָרף אזערי, וועלכער האָט זיך געפונען נישט ווייט פון אונדזער באַהעלטניש, כדי צו באַקומען עפּעס צום עסן. זיי האָבן געוווּסט אַז זייער פאָטער האָט איבערגעלאָזט און באַהאַלטן ביי צוויי פּויערן פיל גוטס. די פּויערן האָבן געכאַפּט די קינדער און זיי פאַרמוטשעט צום טויט. זענען מיר געבליבן 3 מענטשן. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין וואַלד און אונדזער איינציק עסן זענען געווען יאַגאַדעס. אונדזער דורשט פלעגן מיר שטילן מיט די בלאָטע־וואַסער.

דעם פינפטן טאָג נאָך דער שחיטה האָבן מיר פאַרלאָזן דאָס אָרט און זיך געלאָזן צפון־מזרחדיק דורכן וואַלד אין דער ריכטונג פון דער שטאָט פינסק.

גייענדיק אין וואַלד, האָבן מיר זיך פלוצלונג אָנגעשטויסן אין געביידעס און פון דערווייטנס געהערט מענטשן רעדן. כ׳האָב געשיקט דעם יינגל ליפע פינקעלשטיין פאָראויס צו זען ווו גע־פונען מיר זיך. אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך געלאָזט הערן דעם יינגל׳ס הילף געשרייען. איך האָב זיך געלאָזט לויפן כדי צו אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון טאַרטאַק־שומר פון דעם יינגל אויף מיר. דער יינגל מיטן מיידל האָבן זיך אָפּגעטראָגן און ביז היינטיקן טאָג ווייס איך נישט וואָס האָט פאַסירט מיט זיי, ווייזט אויס אַז זיי זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די מערדער, ווי זייערע אַלע ברידער.

פון דעם אוקראַינישן שומר האָב איך באַקומען מכות רצח. ער האָט ביי מיר צוגענומען אַלץ וואָס איך האָב געהאַט און האָט מיר איבערגעלאָזט שטיין, ווי מיין מוטער האָט מיך געהאַט. ביים שלאָגן האָט ער מיר ארויסגעקלאַפּט 8 ציין. צו צודעקן מיין נאַקעטקייט האָב איך באַקומען פון מיין שלעגער אַ פּאָר אַלטע צעריסענע הויזן פון פּשוטן גראָבן לייוונט. שפּעטער האָט ער מיך אַריינגעפירט אין אַ באַראַק, אין וועלכן עס זענען געשלאָפן ביי 40 טאַרטאַק אַרבעטער. אַלע ארבעטער האָבן פון מיר געשפּאָטן, אויסער איינעם וועלכער האָט מיר געוואָרנט אַז דאָס ערגסטע איז נאָך פאַר מיר. דער רוצח האָט מיר געבונדן די הענט מיט מיין פּאַסיק אונטער די אָרעמס און די פיס האָט ער געבונדן מיט אַ שטריקל און האָט מיך אַוועקגעוואָרפן אין ווינקל פון דעם באַראַק. ער אַלײן האָט זיך אויסגעצויגן ביים שוועל, טראַכטענדיק זיכער וועגן פּרייז וואָס ער וועט באַקומען מאָרגן פון די דייטשן פאַר אַ געכאַפּטן ייד — ווייל דאָס איז געווען דער פּרייז וועלכן די דייטשן פלעגן צאָלן פאַר אַ לעבעדיקן ייד: צען קילאָ צוקער.

נאָך האַלבער נאַכט, ווען אַלץ אַרום און אַרום איז געווען שטיל און כ׳בין געלעגן און געדרייט זיך פון ווייטיקן און געהאַלטן ביי חלשן, איז צו מיר צוגעגאַנגען דער צווייטער וועכטער און האָט מיך געבעטן איבערגעבן אים דאָס גאַנצע גאָלד וואָס איך באַזיץ. כ׳האָב מסכים געווען אים צו דערציילן ווו איך האָב באַהאַלטן מיין גאָלד בתנאי ער זאָל מיר בינדן די הענט פון פאָרנט. ער האָט מיר דערלאַנגט וואַסער צו טרינקען און צו אויסשווענקען מיין פאַרבלוטיקט מויל. איך ווידער פון מיין זייט האָב אים איבערגעגעבן מיין אַדרעס אין סארני און כ׳האָב אים דערציילט אַז אין הויף פון מיין הויז, אונטערן פלוימען־בוים, האָב איך באַהאַלטן אין אַ טאָפּ מיין גאָלד־פאַרמעגן. קיינער ווינט דאָרט נישט און אויב ער וועט זיך צואײלן וועט ער זיין דער גליק־לעכער געפונער.

דער וועכטער איז געווען צופרידן און ער האָט מיר די הענט צוגעבונדן זער שוואַך מיט מיין

האַלדזטוך, ווייל מיין פּאַסיק איז נאָך געווען אין אַ גאַנץ גוטן צושטאַנד און עס איז אים אַשאָד געווען אויף אים מוּתּר זיין.

נאָכדעם ווי דער וועכטער איז אַרויס פון באַראַק און דורך די פענסטער האָט מען געזען ווי עס הויבט אָן צו טאָגן, האָב איך פאַרשטאַנען אַז כ׳מוז האַנדלען שנעל. כ׳ווייס נישט פונוואַנען כ׳האָב געשעפּט מיינע כּוחות. כ׳האָב שנעל אָפּגעבונדן און זיך באַפרייט פון די שטריק, וועלכע האָבן געפּענטעט מיינע הענט און פיס און מיט אַ שפּרונג איבערן קאָפּ פון שלאָפנדן רוצח זיך געפונען אויסערן באַראַק, מיט אַ שפּרונג בין איך אַריין צווישן די סטערטעס ברעטער אין הויף פון טאַרטאַק. הגם די אַרבעטער זענען מיר נאָכגעלאָפן כּדי צו כאַפּן, איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן און געפונען אַ באַהעלטעניש אין די נאָענטע און געדיכטע וועלדער.

אין די נייע ערטער האָב איך זיך שוין אויסגעלערנט ווי זיך אויפפירן. כ׳פלעג אָפּט בייטן דאָס באַהעלטעניש. ווען כ׳פלעג זיך אָנשטויסן אין אַ פּאַסטוך, פלעג איך גלייך בייטן דעם פּלאַץ. פלעג איך טרעפן אַן עלטערן פויער, וועלכער איז געפאָרן נאָך האָלץ אין וואַלד, פלעג איך אים העלפן און דערפאַר באַקומען פון אים אַ שטיקל ברויט. פאַר די אַלטע פויערן פלעג איך נישט מורא האָבן. כ׳האָב זיך געפילט גענוג שטאַרק כּדי זיך קאָנען קעגנשטעלן. איינצעלנע פון די פויערן פלעגן זיך משתּתּף זיין אין מיין צער. איינער האָט אפילו אַראָפּגענומען פון זיין לייב זיין אַלטע דורכגעשוויצטע העמד און זי מיר געשענקט, ווייל כ׳בין אַרומגעגאַנגען כמעט נאַקעט און מיין גאַנצע גאַרדעראָבע איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר צעריסענע פויערן־הויזן.

די דיזינטעריע קרענק, וועלכע האָט מיך אַטאַקירט ווען איך האָב זיך באַהאַלטן אין די וועלדער, צוליב דעם טרינקען די בלאָטע וואַסער, האָט מיר זייער אָפּגעשוואַכט און האָט מיר דערפירט צו דעם אַז כ׳בין געוואָרן אַזוי מאָגער, נאָר הויט און ביינער און כ׳האָב אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקער שקעלעט. ביזן היינטיקן טאָג באַגרייף איך נישט ווי אַזוי בין איך געבליבן לעבן. סיידן אַ העכערער כּוח האָט איבער מיר געוואַכט און האָט געריכטעט מיט מיין גורל און טריט.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך פאָרגעזעצט מיין וועג קיין פּינסק. אויפן עלפטן טאָג נאָך דער שחיטה האָב איך זיך דערלויבט צו גיין אינמיטן טאָג. דורכגייענדיק דורך די פעלדער פון דאָרף ראַדזעיאָוו, זענען פלוצלונג ווי אויסגעוואַקסן פון אונטער דער ערד צוויי אוקראַינער שקצים. זיי האָבן מיר גלייך געכאַפּט און געפירט אין דעם פּאָליציי בנין, וועלכער האָט זיך געפונען אויף אַ בערגל און מען האָט געזען פונדערווייטנס. איינער האָט מיך געפירט ביי דער האַנט און דער צווייטער האָט געהיט מיינע טריט פון דער צווייטער זייט. פילנדיק די גרויסע סכּנה אין וועלכער כ׳געפין זיך, האָב איך אויפגעהויבן מיין פוס און דערלאַנגט דעם שגץ מיטן גאַנצן כּוח צווישן די פיס. דער שגץ איז גלייך געפאַלן אין אָנמאַכט. ביז דער צווייטער האָט באַוויזן זיך צו אָריענטירן וואָס דאָ איז געשען, האָב איך אים דערלאַנגט אַ שטאַרקן זעץ צווישן די אויגן, נאָכדעם האָב איך געכאַפּט אַ שטעקן, וועלכן כ׳האָב געפונען אין דער נאָענט און מיט אַלע מיינע כּוחות זיי גוט אַריינגעקלאַפּט. כ׳האָב זיי איבערגעלאָזט האַלב טויטע און זיך אָפּגעטראָגן, זוכנדיק אַ באַהעלטעניש אין נאָענטן וואַלד.

די פויערן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די פעלדער ביים אויסגראָבן קאַרטאָפל, זענען געקומען העלפן די בחורים און האָבן געבראַכט פּאָליציי, וועלכע האָט איינגעאָרדענט אַ געיעג אויף מיר אין וואַלד. מיט קולי קולות און געשרייען זענען זיי אַדורך ביי דעם בוים אויף וועלכן כ׳בין געזעסן באַהאַלטן.

דער געיעג האָט געדויערט ביז פינסטער. ווען אַלץ איז שטיל געוואָרן, האָב איך זיך געלאָזט

גיין אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג. ס׳איז געווען אַ פֿינסטערע נאַכט און דער הימל איז געווען פֿאַרוואָלקנט. כ׳בין געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט — אפילו אין רעגן. פֿאַרטאָג האָב איך זיך געפֿונען אין די וועלדער פֿון ליפּנע, וועלכע זענען 9 קילאָמעטער ווייט פֿון וולאָדימירעץ. כ׳האָב זיך פֿונדאָסניי איבערצייגט, אַז די גאַנצע צוויי וואָכן האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם שטעטל.

דאָס איז געווען ענדע סעפּטעמבער און אָנהויב אָקטאָבער. איך בין געווען איינער אַליין אין די וועלדער. אין די טעג פֿלעג איך זיך אויסבאַהאַלטן אין די בלאָטעס. דאַקעגן אין די נעכט פֿלעג איך אַרויסגיין אין די פֿעלדער אויפֿקלייבן אַ ביסל קאַרטאָפֿל, וועלכע איך פֿלעג באַקן ביי די האַלב פֿאַרלאָשענע פֿייערן, וועלכע די פּויערן פֿלעגן איבערלאָזן אין די פֿעלדער. דאָס איז געווען די איינציקע שפּייז, וועלכע האָט מיר דערהאַלטן ביים לעבן.

די נעכט זענען געוואָרן קאַלטע. כ׳האָב זיך איבערצייגט אַז מיינע אויסזיכטן בלייבן לעבן זענען נישטיקע. פֿון די אַלטע פּויערים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די פּאָליציי זוכט מיר אַרום יעדן טאָג אין וואַלד. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז די פּאָליציי וואַרט אויף דעם ערשטן שניי, וועלכער וועט מיינע טריט אויפֿדעקן און מיר איבערגעבן אין זייערע הענט. כ׳האָב באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד. איך האָב געהאַט אַ פּאַסיק און עטלעכע שטריקלעך, וועלכע כ׳האָב אויסגעבעטן ביי די פּויערן. כ׳האָב צונויפֿגעבונדן די שטריקלעך און פֿון פּאַסיק האָב איך געמאַכט אַ פּעטליע, כ׳האָב זי אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן האַלדז און כ׳האָב זיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון דער הויך. די פּעטליע האָט זיך צעריסן און איך האָב זיך שטאַרק פֿאַרוווּנדעט. כ׳האָב געפּרווּווט אַ צווייט מאָל, נאָכדעם ווי כ׳האָב אַרויסגעשניטן די צעפּוילטע טיילן פֿון שטריק. דאָסמאָל איז עס מיר בעסער געלונגען. אָבער כ׳בין ווייזט אויס פֿאַרצייכנט געוואָרן צו בלייבן לעבן און דעריבער איז מיין באַגער אויך דאָסמאָל נישט צושטאַנד געקומען. אַ פּויערן פֿאַמיליע האָט געאַרבעט ביים צונויפֿקלייבן קאַרטאָפֿל אויפֿן פֿעלד, האָט באַמערקט ווי איך בין געבליבן הענ־גען, זענען זיי געקומען צולויפֿן און מיך אָפּגעשניטן פֿון שטריק. מיט וואַסער, וועלכע זיי האָבן געשעפּט פֿון בלאָטיקן טייכל האָבן זיי מיך דערמונטערט און צוריקגעבראַכט צום לעבן.

דער נאָמען פֿון דעם פּויער איז זאכארקא באזאקא פֿון דעם דאָרף אנדרוא.

אַ וואָך נאָך דער שחיטה האָט דער פּויער מיט זיינע הענט דערמאָרדעט אַ ייד פֿון זיין דאָרף. ווייזט אויס אז זיין געוויסן האָט אים נישט געלאָזט רוען, ער האָט זיך געבייזערט אויף מיר, און מיר באַשאַנקען מיט אַ גרויס קעסטל קאַרטאָפֿל. ער האָט מיר אויך איבערגעלאָזט זיין ״קרעסאלא מיט דער הובקע״ (אַ שטיקל שטאָל־אייזן, אַ האַרטן שטיינדל און אַ שוואָם) צו מאַכן אַ פֿייער און האָט מיך איבערגעלאָזן אַליין.

דער האַלדז איז מיר געווען געשוואָלן אַזוי, אַז אין משך פֿון 2 וואָכן האָב איך נישט געקאָנט עפּעס האַרטס אַראָפּשלונגען.

נאָך 9 וואָכן אַרומדרייען זיך אַליין אין די וועלדער, האָט זיך מיר אויסגעדוכט אַז איך בין דער לעצטער ייד, וועלכער איז געבליבן לעבן אַלס שריד ופּליט אין דעם פֿאַרשאָלטענעם לאַנד.

## איבערגעבליבענע יידן אין די וועלדער

אַ געוויסן טאָג האָב איך געטראָפֿן אין וואַלד אַ יידיש יינגל פֿון וולאָדימירעץ — הערשל קאמיען (ער איז שפּעטער מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און איז געפֿאַלן אויפֿן פֿראָנט). די פֿרייד פֿון דער באַגעגעניש איז געווען אין לשער. פֿון דאַן האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען. פֿינף מאָל אין טאָג פֿלעגן מיר טוישן אונדזערע באַהעלטנישן.

די טעג פלעגן מיר לרוב פאַרברענגען אין די זומפּיקע בלאָטעס און ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, פלעגן מיר אַרויסגיין אויף די פעלדער זוכן אַ ביסל מייערן און בוראַקעס, ווייל די קאַרטאָפל זענען שוין פון די פעלדער אַראָפּגענומען געוואָרן.

היות ווי ס'איז שוין געווען מאָנאַט נאָוועמבער, האָבן מיר באַשלאָסן פאַרלאָזן די מקומות איידער עס וועט דער ערשטער שניי אַרויספאַלן. די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. די קעלט האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג, די סטערטעס היי זענען צונויפגעקליבן און אויפגעלייגט געוואָרן אויף די וועגענער און אָפּגעפירט געוואָרן אין די הייפן פון די פויערן. עס איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, נאָר אַריינדרינגען אין די סטאָדאָלעס פון די פויערים, איינגראָבן זיך טיף אין היי און שלאָפן. עס האָבן פּאַסירט פאַלן, אַז אין משך פון 2־3 טעג פלעג איך ליגן באַגראָבן אין אַ סטאָדאָלע, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט זי צו פאַרלאָזן. די פויערן שטייען אויף פרי, 3 אַ זייגער פאַרטאָג; די פרויען שפּינען פלאָדעם אָדער וועבן לייוונט, און די מענער גיבן עסן די בהמות. ס'טרעפט זיך אַז דער פויער פאַרברענגט אין סטאָדאָלע ביז ס'ווערט ליכטיק.

אין איינע פון די שבת־צו־נאַכטסן האָבן זיך פאַרשלעפּט אין דער סטאָדאָלע שקצים מיט שיקסעס צו ליבן זיך. כ'האָב נישט געפונען קיין שום מעגלעכקייט זיך אַרויסקריגן פון דער סטאָדאָלע. אַזוי ליגנדיק באַהאַלטן נישט ווייט פון דער יונגוואַרג האָט מיך אָנגעהויבן שטיקן אַ הוסט. די שקצים האָבן זיך דערשראָקן. איינער האָט אויסגעשריגן: "שדים געפינען זיך דאָ", און דער צווייטער: "דאָס איז אַ זשיד", און האָט אָנגעהויבן מיט ווידלעס שטעכן אין היי.

נאָר דורך אַ נס בין איך אין יענער נאַכט געבליבן ביים לעבן.

נאָך דעם צופאַל האָבן מיר באַשלאָסן זיך אָפּטראָגן פון די פויערישע סטאָדאָלעס. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די בלאָטעס און דאָרט אויף אַ קליין אינזעל האָבן מיר אויסגעבויט אַ ערדבאַהעלטעניש (זיעמליאַנקע). מיר האָבן אָנגעטראָגן אין דעם באַהעלטעניש טרוקענעם גראָז, צווייגן און נאָדלען פון די סאָסנע ביימער פאַר געלעגערס. אַ שטענדיק פייערל האָט געטליעט און געוואַרעמט דאָס באַהעלטעניש. מיר האָבן דאָרט פאַרבראַכט ביז דעצעמבער.

מיר זענען זער שמוציק געוואָרן. די האָר זענען ווילד געוואָקסן אַזוי אַז מען האָט געקאָנט פלעכטן צעפּ פון זיי. קיין ראַזיר מעסער איז אויפן פּנים נישט אַדורך גאַנצע פינף חדשים.

ווען ס'איז אויסגעפאַלן דער ערשטער שניי, האָבן מיר דעם פּלאַץ פאַרלאָזן און מיר האָבן זיך געלאָזן גיין צום גרויסן און וועלדער־אַרומגערינגלטן דאָרף סוואַריטשעוויץ. פון די פויערים, וועלכע מיר האָבן געטראָפן אין וואַלד, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין דער געגנט האָבן זיך געפונען פאַרטיזאַנער־פּולקן, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַ סך יידן. שפּרייזנדיק צוויי נעכט, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף די פאַרטיזאַנער.

מיר האָבן געטראָפן אין וואַלד ביי 150 יידן, אַממערסטן פון שטעטל סערניק, אַ טייל פון שטעטל האָראָדנאַיע, איינצעלנע פון ראַפאַלאָווקע און איין יינגל פון ראָוונע. די יידן האָבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט. אייניקע האָבן געהאַט זין צווישן די פאַרטיזאַנער, וועלכע פלעגן זיי פאַרזאָרגן מיט פלייש, ברויט און קאַרטאָפל. קיין שפּייז האָט זיי בדרך כלל נישט געפעלט. איינצעלנע זענען געצוווּנגען געווען ארומצודרייען זיך אין דאָרף און בעטלען אין די הויפן ביי די פויערן.

צוויי מאָנאַט נאָך אונדזער אָנקומען אין וואַלד זענען מיר באַפאַלן געוואָרן דורך אַ גרופּע אוקראַינער שאָוויניסטן, וועלכע האָבן דערמאָרדעט איבער 60 יידן. די איבעריקע זענען זיך

צעלאָפּן וווהין די פּיס האָבן זיי געטראָגן. צומאָרגנס האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט דעם דאָרף סוואַריטשעוויטש און אים פאַרניכטעט אַז ס'איז קיין זכר פון אים נישט געבליבן.

נאָכן חורבן פון דאָרף זענען מיר אַנטלאָפן קיין טיולקאָוויטש — אַ דאָרף וועלכער איז אויך געווען ארומגערינגלט פון גרויסע וועלדער. דאָ האָבן מיר געפונען 30 יידן פון ראַפאַלאָווקע. מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן מיט די 3 ברידער בערעזוניאַק און מיט אַ יונגן סימפּאַטישן בחור גרשון גראָבער. זיי האָבן אונדז פיין אויפגענומען אין זייער באַהעלטעניש און האָבן אונדז מכבד געווען מיט געבראָטענע קאַרטאָפל, דאָס דעליקאַטע שפּייז פון די נע־ונדניקעס.

דער מצב איז ווידער געווען אומדערטרעגלעך. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז עס אָרגאַניזירן זיך רוצחישע אוקראַינישע באַנדעס פון באַנדעראָווצעס, מיט דעם איינציקן ציל צו פאַרניכטן דאָס ביסל יידן וואָס האָט מצליח געווען זיך צו ראַטעווען און אַנטלויפן פון די נאַ־צישע מערדער. אונדזערע מענטשן זענען געווען אַנגעטון זייער שלעכט. אָפּגעריסן און באָוואָקסן האָבן זיי אויסגעזען ווי הונגעריקע וואַלד־חיות. פיל זענען קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז.

„צו וואָס זענען מיר געבליבן לעבן?" — האָט איינער געפרעגט דעם צווייטן.

ס'איז נישט געבליבן קיין שום האָפענונג אויף אַן אויסוועג פון דער שרעקלעכער לאַגע.

## פּאַרטיזאַנער

איך האָב באַשלאָסן צושטיין צו אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. איך בין צוגעשטאַנען צו דער פּוילישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אויפן נאָמען פון קאָשטשושקאָ. גאַנץ שנעל האָב איך אָנגעהויבן זיך אויס־צייכנען אין די קאַמפן. מיין אָפּפערוויליקייט איז נישט געקומען פון אַ סך גבורה, נאָר כדי פּטור צו ווערן פון דעם לעבן, וועלכער האָט קיין טעם נישט געהאַט. די פּאָליאַקן פלעגן מיך שיקן אויספירן די שווערסטע אויפגאַבן, ווייל מיליטעריש האָב איך געהאַט מער דערפאַרונג און אַ בעסערע אויסשולונג פון מיינע חברים, ווייל איך האָב נישט מורא געהאַט פאַרן טויט און האָב געוואָלט שטאַרבן צוזאַמען מיט די רוצחים פון יידישן פאָלק.

אין דער פּוילישער פּאַרטיזאַנען־גרופּע האָט געהערשט אַ ביטערער אַנטיסעמיטיזם. די באַציונ־גען וועלכע עס איז מיר געלונגען אָנקניפּן מיט די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער האָבן מיר דער־מעגלעכט זייער שנעל איבערצוגיין צו דער פּאַרטיזאַנער גרופּע פון גענעראַל־מאַיאָר באַגמאַ. דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל, אַ יאָר נאָך דער שחיטה, באַגעגנט יידן פון סאַרני, צווישן זיי פּנחס ניימאַן. די פרייד פון טרעפן זיך איז געווען גרויס. מיט אונדז איז אויך געווען אַ יינגער בחור פון פאַמיליע קלעס. ער איז שפּעטער מאָביליזירט געוואָרן אין רויטן מיליטער און איז געפאַלן אויפן פראָנט.

ווען איך בין אָנגעקומען אויפן פלי־פּלאַץ פון די פּאַרטיזאַנער, נעבן קאַראַסטיען, האָב איך געטראָפן נחום זייגערמייסטער מיט זיין קליין טעכטערל. זיי זענען יעצט אין אַמעריקע. פון לופט פּלאַץ האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט צו נייע קאַמפן מיט אוקראַינישע גרופּן אין דער געגנט פון סאַרני. כ'האָב זיך באַטייליקט אין אַלע שלאַכטן, וועלכע זענען פאָרגעקומען מיט די פּויערים פון די דערפער טריפּיטניע און הראַניע. דעם דאָרף טריפּיטני־ע האָבן מיר פאַרברענט. ווען מיר זענען דורכגעפאָרן דורכן דאָרף אַזיערי נעבן קאַראַסין, האָב איך געטראָפן ליפּשען מיט אירע דריי קינדער און נאָך אַ פרוי, וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסן.

איך האָב מיך געפרייט צו טרעפן מיט יידן און זיי העלפן מיט עסן און קליידונג.

כ'בין דאָפּלט געווען צופרידן ווען איך האָב באַגעגנט סאַרנער. מען האָט מיר איבערגעגעבן

אַז אין דאָרף אזיערי געפינט זיך אויך בערל ביק מיט נאָך אַ ייד פון סאַרני. ליידער האָב איך זיי נישט געטראָפן, ווייל מיר האָבן דעם פּלאַץ פאַרלאָזן.

## דער שונא טרעט אָפּ

די דייטשן האָבן געליטן איין מפּלה נאָך דער צווייטער. פון סטאַלינגראַד האָט די רויטע ארמיי מאַרשירט פאָרויס אָן אָפּהאַלט. מיר האָבן געהערט וועגן דעם איינגעמען פון ראָסטאָוו, כאַרקאָוו און קיעוו. דער פראָנט האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט. מיינע אויגן זענען אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט צוריק צו קומען קיין סאַרני.

מיר האָבן אַטאַקירט מיט האַרמאַטן־פייער ראָקיטנע און געבראַכט די דייטשן שווערע פאַר־לוסטן. די פּאַרטיזאַנער האָבן בכלל פאַרשריבן שיינע בלעטער אין דער געשיכטע פון קאַמפן מיט היטלער׳ס אַרמייען: פיל פון די נאַצישע טראַנספּאָרטן זענען פאַרטיליקט געוואָרן דורך די פּאַר־טיזאַנער. די דייטשן האָבן בכלל מורא געהאַט זיך באַנוצן מיט די זייטיקע באַן־ליניעס און אויף די הויפּט ליניעס פלעגן די צוגן קורסירן נאָר בייטאָג, ווייל ביינאַכט פלעגט מען די באַנען אַראָפּפירן פון די רעלסן און אויפרייסן מיט שטאַרקע אויפרייס־מאַטעריאַלן. די דייטשן האָבן געליטן שרעקלעכע פאַרלוסטן אין זייערע צוזאַמענשטויסן מיט די פּאַרטיזאַנער, וועלכע פלעגן זיי נישט נעמען אין געפאַנגענשאַפט, נאָר אומברענגען אויפן אָרט.

איך דערינער מיך אין אַ קאַמף נעבן דאָרף ליטיניטש אין דער געגנט פון דאָמבראָוויץ. אין דעם קאַמף זענען געפאַלן 110 דייטשן. צווישן די געפאַנגענע האָט זיך אויך געפונען אַ דייטשער אָפיציר. דער אָפיציר האָט געבעטן מען זאָל אים שענקען דאָס לעבן, ווייל ער האָט אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער אינדערהיים. איך האָב אים געענטפערט: ״איך האָב אויך געהאַט אַ פרוי מיט דריי קליינע קינדער, זיי האָבן אויך געוואָלט לעבן, אָבער דיינע חברים האָבן זיי בעסטיאַ־ליש דערמאָרדעט״.

איך האָב אנטייל גענומען אין פיל קאַמפן קעגן די אוקראַאינישע באַנדעס און מיר האָבן זייערע מענטשן פאַרטיליקט אין די טויזנטער.

כ׳וויל ספּעציעל באַטאָנען, אַז די פּחדנות און מורא פאַרן טויט איז נישט געווען קיין ספּעציעלע אייגנשאַפט פון די דייטשן. אויך די אוקראַאינער רוצחים, ווען מען פלעגט זיי כאַפּן לעבע־דיקערהייט, פלעגן זיי וויינען און בעטן אויפן לעבן, ווי קליינע קינדער. יעדער איינער פלעגט זיך פאַרענטפערן און דערציילן, אַז ער האָט נישט געטאָן קיין שלעכטס יידן און אַז זיינע הענט זענען ריין פון יידיש בלוט און גוטס.

פון ראקיטנע האָבן מיר זיך געלאָזן דורך די וועלדער קיין סטעפּאַן און הוטא סטעפּאַנסקאַ. ביי צומאַן זענען מיר אַריין אין קאַמף מיט גרויסע דייטשע כוחות, וועלכע האָבן אונדז אַרומגע־רינגלט. אין די קאַמפן האָבן מיר געהאַט 70 פאַרלוסטן. נאָך ביטערע קאַמפן, אין משך פון זעקס טעג, איז אונדז געלונגען דורכצורייסן זיך דורך די דייטשע ליניעס, קאָנצענטרירנדיק זיך אין דער געגנט פון ראפאלאָוועק.

די באַציונג פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג צו די אוקראַאינישע באַנדעס האָט זיך אויס־געצייכנט מיט סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג. זיי פלעגן די באַנדעס פּראָוויאַנטירן מיט אַלדאָס גוטס און פלעגן זיי רופן מיט ליבשאַפט: ״אונדזערע קינדער״, דאַקעגן די סאָוויעטישע פּאַרטי־זאַנער פלעגן זיי אָנרופן די ״רויטע קרעץ״. די באַנדעס זענען געווען שטאַרק באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטיש געווער און האַנט גראַנאַטן. דאָס געווער פלעגן זיי באַקומען פון די דייטשן כדי

צו קעמפן און פאַרניכטן די פאַרטיזאַנער. אָפטמאָל פלעגט טרעפן אַז 2000—3000 מענטשן פון די באַנדעס פלעגן אָנפאַלן אויף 500־600 פאַרטיזאַנער. די קאַמפן פלעגן שטענדיק ברענגען מפּלות די באַנדעס, וועלכע פלעגן איבערלאָזן אויפן אָרט פיל געפאַלענע און די גרעסטע טייל קעמפער פלעגן זיך צעלויפן וווהין די פיס האָבן זיי געטראָגן. איין גרויסן זיג קענען די אוקראַי־נישע באַנדעס פאַרצייכנען אויף זייער חשבון: דאָס אויסהרגענען 95% פון די יידן, וועלכע ס׳איז געלונגען אַנטלויפן פון דער שחיטה אין די שטעטלעך און זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. די באַנדיטן האָבן זיי גערודפט, פלעגן זיי טשאַטעווען און ווען זיי פלעגן כאַפּן אַ יידן לעבע־דיקערהייט, פלעגן זיי אים גרויזאַם פייניקן.

די באַציונג פון די רוסישע פאַרטיזאַנער צו די יידישע חברים איז אויך ווייט נישט געווען אין אָרדנונג. פיל יידישע פאַרטיזאַנער זענען געפאַלן פון די קוילן פון זייערע קאַמף־חברים.

מיט מיר אַליין האָט פּאַסירט אַזאַ פאַל: אין איינעם פון די ערטער האָב איך געפונען צוויי געפאַלענע יידישע פאַרטיזאַנער. דער דריטער, שטערבלעך פאַרוואונדעט, האָט מיר דערציילט, אַז זיי זענען דערשאָסן געוואָרן דורך אַ סאָוויעטישער פאַרטיזאַנער ראַזוועדקע.

אין די נעכט, ליגנדיק ביי די פייערלעך, פלעגן זיך פירן פּאָליטישע שמועסן. נישט איינמאָל פלעגן דערגיין צו מיינע אויערן טיילן פון געשפּרעכן ווען איינער פלעגט זאָגן צום צווייטן: ״היטלער מאָלאָדיעץ, טשטאָ אוניטשטאָזשיל עטיך פּאַראַזיטאָוו. אַבראַשאַ אי סאַראַ — טשטאָ טיעבע נאדא? קוסאטשעק כליעבאַ אי מאַסלאַ?״ (״היטלער איז אַ בראַווער יונג וואָס ער האָט אומגעבראַכט די פּאַראַזיטן. אברהם און שרה, וואָס דאַרפט איר? אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער?״).

דעם 22־טן יאַנואַר 1944 האָבן מיר זיך געטראָפן ביי ראַפאַלאָווקע מיט דער רויטער אַרמיי און דעם 29־טן האָבן מיר אַריינמאַרשירט קיין סארני. מיין שמחה איז שנעל פאַרשטערט געוואָרן, ווען כ׳האָב דערזען אַז פון דער בליענדער שטאָט, וועלכע איז געווען פול מיט יידיש לעבן — איז נישט געבליבן קיין זכר.

איך האָב אויסגעבראָכן מיט אַ ביטער געוויין.

### אין דער וויסטער סארני

די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט פאַרכאַפּט די יידישע הייזער און האָט גערירשנט זייער האָב און גוטס. זיי האָבן אונדז באַגעגנט מיט עקל, פיינטשאַפט און שרעק; אפשר זענען מיר געקומען פאָדערן פון זיי דאָס גערויבטע יידישע פאַרמעגן. יעדער איינער פון זיי האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיך נאָר פאַרנומען מיט ראַטעווען יידן. אויף מיין פראַגע: ווו זענען די יידן וואָס איר האָט געראַטעוועט? — האָבן זיי קיין תשובה נישט געהאַט.

אין די גאַסן זענען אַרומגעגאַנגען קריסטלעכע איינוווינער אָנגעטאָן אין יידישע מאַנטלען און פוטערס. דאָס יונגוואַרג איז געווען געקליידעט מאָדערן מיט די אַנצוגער פון יידישן גוטס. אויפן מאַרק האָבן זיך באַוויזן ״בייע סוחרים״, וועמענס הויפּט האַנדל איז געווען געראַבעוועט יידיש פאַרמעגן. דאָס אויסזען פון שטאָט איז געווען ווי אַ גרויסער בית־הקברות.

ביסלעכווייז האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקלייבן אין סאַרני די שארית הפליטה, וועלכער ס׳איז געלונגען צו ראַטעווען זיך פון גיהנום. סארני האָט געציילט פאַרן חורבן, ווי עס דוכט זיך מיר, איבער 6,500 יידן, און פון זיי זענען צוריקגעקומען פון די וועלדער און פון די פאַרטיזאַנער — אפשר 20 נפשות. אויך פון ראַטן־פאַרבאַנד האָבן אָנגעהויבן קומען פּליטים.

מיין ערשטע אונטערנעמונג, נאָך מיין צוריקקער קיין סאַרני, איז געווען צו אָרדנען די 4 גרי־בער אין וועלכע עס ליגן אונדזערע קדושים. די גריבער זענען נישט געווען געצוימט, די ערד איבער זיי איז געווען צעשאָטן אָן וועלכע ס׳איז סימן אַז דאָס זענען ברידער קברים. איבער זיי איז אויסגעטראָטן געוואָרן דורך די וועגענער אַ וועג, בהמות און חזירים האָבן זיך געפּאַשעט און געטראָטן איבער זיי. איך בין געווען איינער פון די אינציאַטאָרן אַרומצוגראָבן די גריבער מיט טיפע ראָוון אַרום און אַרום און אַרומצוצימען זיי מיט שטעכעדיקן דראָט, כדי צו פאַרמיידן דעם דורכגאַנג דורך זיי.

איך האָב מאָביליזירט עטלעכע מענטשן פון דער שארית הפליטה, יידן פון ראָקיטנע און דאָמ־בראָוויץ (פון בערעזשניץ איז נישט געבליבן קיין איין איינציק יידיש נפש), און מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזערע הייליקע אַרבעט, וועלכע מיר האָבן פאַרענדיקט בשלמות: מיר האָבן אַרום־געגראָבן און אַרומגעצוימט די גריבער און די ערד פון די ראָוון האָבן מיר אַרויפגעשאָטן אויף די גריבער.

פון סאַרנער בית־הקברות איז נישט געבליבן קיין זכר. דער פּלויט איז צעשטערט געוואָרן אינגאַנצן. די שטיינערנע מצבות זענען אַראָפּגענומען געוואָרן און געבראַכט געוואָרן נישט ווייט פון סטאַראַסטווע. דאָרט האָט מען מיט זיי זיך באַנוצט אויף טראָטואַרן. כ׳האָב זיך באַמיט די מצבות צוריקצופירן אויפן בית־הקברות. אין דעם ענין בין איך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַ יידישן אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי, וועלכער האָט מיר צוגעזאָגט צו שטעלן צו מיין דיספּאָזיציע אַ לאַסט־אויטאָ, אָבער צוליב זיין אָפּפאָר איז מיר גאָרנישט געלונגען צו אויפטאָן. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז דעם לערער וואַלקון איז געלונגען אויספירן די הייליקע מיסיע און די מצבות זענען צוריקגעפירט געוואָרן אויפן בית־הקברות.

אינצווישן האָבן די דייטשן מצליח געווען צו פאַרהאַלטן זייער צוריקטרעטן. זיי האָבן זיך אויפסניי פאַרפעסטיקט ביי קאָוועל און הונדערטער דייטשע אַעראָפּלאַנען פלעגן קומען יעדע נאַכט און באָמבאַרדירן די זינדיקע איינוווינער פון שטאָט, וועלכע האָבן זיך אַזוי בעסטיאַליש באַצויגן צו זייערע יידישע שכנים. די איינוווינער זענען באַשטראָפט געוואָרן. פיל פון זיי זענען דערהרגעט געוואָרן פון די דייטשע באָמבעס און דער גרעסטער טייל פון דער שטאָט איז אָפּ־געמעקט און צעשטערט געוואָרן.

אונדזער ראָל אין סאַרני האָט זיך פאַרענדיקט. מיר האָבן באַשלאָסן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, און אויב עס וועט זיך פאָדערן — מקריב זיין דאָס לעבן פאַר אַ פרייער ארץ־ישראל.

צו אונדזער גרויס פרייד איז דער טרוים געוואָרן אַ ווירקלעכקייט.

(באַאַרבעט לויט די רשימות פון יצחק געלער ז״ל דורך יעקב צוק־קאַטעלטשוק)

## דער געטאָ - פון אנהויב ביזן סוף

...די דייטשן האָבן אָקופּירט סאַרני אין יולי 1941. דאָס ערשטע האָבן זיי פאַרנומען 50 יידן פאַר זאַקלאַדניקעס מיט אַ באַפעל, אַז אויב ס׳וועט עפּעס טרעפן אַ דייטש, וועט מען טויטן די 50 יידן.

אין די ערשטע טעג האָבן די דייטשן דערלויבט די אוקראַינער ראַבעווען די יידישע פאַרמעגנס.

3 טעג און 3 נעכט האָבן די אוקראַינער פון סאַרני און פון די אַרומיקע דערפער געראַבעוועט ייִדיש האָב און גוטס. קיינער האָט זיי נישט געשטערט. נאָך די 3 טעג האָבן די דייטשן צעטריבן די אוקראַינער און אָפּגעשטעלט די רויבערייען.

ענדע יולי 1941 האָט די דייטשע ווערמאַכט געפאָדערט צו שאַפן אַ יודן־ראַט. זיי האָבן אויפגעפאָדערט דעם געוועזענעם פּרעזעס פון סאַרנער קהילה ער זאָל זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון יודן־ראַט. נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז שוין אַלט געווען 70 יאָר, האָט ער קעגן זיין ווילן גענומען אויף זיך די פליכט אָנצופירן מיטן יודן־ראַט און אויספילן אַלע פאַראָרדנונגען פון דער היטלער־מאַכט. דער יודן־ראַט איז געווען צונויפגעשטעלט פון 5 פאָלגענדע ייִדן: פּרעזעס — דער 70 יעריקער גערשונאָק, וויצע־פּרעזעס — קאַנטאַראָוויטש, סעקרעטאַר — ניימאַן, קאַסיר — גראָסמאַן און פיקמאַן — אַרבעטסאַמט. דער ערשטער באַפעל איז געווען, אַז אַלע ייִדן מוזן טראָגן אויף דער רעכטער האַנט ווייסע בענדער מיט אויסגענייטע מגן־דוד׳ס און אויף אַלע ייִדישע הייזער מוזן זיין אויסגעמאָלט מגן־דוד׳ס. פאַר נישט אויספירן דעם באַפעל האָט די מאַכט באַשטראָפט מיט 30 רובל שטראָף און געשלאָגן מכות־רצח. מיט דעם האָט זיך מערסטנס פאַרנומען די אוקראַינישע פּאָליציי.

דעם 15־טן אויגוסט, אַ מאָנאַט נאָכן פאַרנעמען סאַרני, האָט די דייטשע מאַכט אַרויפגעלייגט אויף די ייִדן פון שטאָט אַ קאָנטריבוציע פון 13 קילאָגראַם גאָלד. דאָס האָט געמוזט אויסגעפירט ווערן אין פאַרלויף פון 8 טעג. יעדן טאָג האָט די מאַכט גענומען צו דער אַרבעט 400 ייִדן. זיי האָבן געמוזט זעגן האָלץ, בויען בריקן איבערן טייך סלוטש, וואָס די רוסן האָבן צעריסן, גראָבן טאָרף א.אַז.וו. די פרויען האָבן געטראָגן ציגל פון איין עק שטאָט אין צווייטן. ברויט האָבן אַרבעטער באַקומען 100 גראַם אַ טאָג. טייל ייִדן האָבן געלעבט פון די זאַפּאַסן, וועלכע זיי האָבן געהאַט פון פאַר דעם קריג. אַנדערע האָבן געטוישט ביי די פּויערים, אַוועקגעגעבן די בעסטע זאַכן פאַר אַ שטיקל ברויט, און דער גרעסטער טייל האָט געהונגערט. די דייטשע מאַכט האָט דורך דעם יודן־ראַט אָנגעהויבן צונעמען דאָס פאַרמעגן פון די ייִדן: בהמות, פערד, ראַדיאָס, מעבל, בעטגעוואַנט א.אַ.וו. דער פּרעזעס גערשונאָק פלעגט שרייען: ייִדן, גיט אַלעס וואָס מ׳פאָדערט פון אייך — וועט מען אייך לאָזן לעבן. „אַ בהמה, וואָס מ׳מעלקט איר, קוילעט מען נישט״.

ערב יום־כפור 1941 איז געקומען אַ נייער באַפעל: אנשטאָט די אָפּאַסקעס זאָלן אַלע ייִדן טראָגן געלע לאַטעס אויף די פּלייצעס און אויפן האַרץ. די לאַטעס האָבן געמוזט זיין 8 צענטימעטער די גרויס. די מאַכט האָט געגעבן אַ באַפעל אַז אַלע ייִדן זאָלן קומען יום־כפור אויף אַ פּלאַץ נעבן שטאָט. דאַן האָט אויסגעבראָכן ביי די ייִדן אַ שרעקלעכע פּאַניק. מיר האָבן פאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן מאַכן מיט אונדז. אָבער ווילנדיק נישט ווילנדיק זענען אַלע ייִדן, פאַרקליידעט אין די געלע לאַטעס, געקומען אויף דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ אום יום־כפור.

אַלע ייִדן האָבן אַוועקגעגעבן דעם געביט־קאָמיסאַר זייערע גאָלדענע זייגערס, גאָלדענע פעדערס א.אַז.וו. דאַן האָט מען רעגיסטרירט אַלע ייִדן, מענער און פרויען. די ייִנגערע האָט מען געשיקט אויף אַרבעט אין שטאָט, און די עלטערע האָט מען דערווייל אָפּגעלאָזט אַהיים.

דער טאָג האָט זיך געענדיקט דערווייל בלויז מיט שרעק.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערער ווינטער פון 1941. אין מאָנאַט אָקטאָבער איז געקומען אַ באַפעל פון דער מאַכט, דאָס די ייִדן זאָלן געבן פאַר דער אַרמיי פוטערס מיט שטיוול, האָבן

די יידן אַוועקגעגעבן זייערע פוטערס און שטיוול. אַ חוץ דעם האָט מען נאָך געמוזט נייען נייע פעלצן און נייע שטיוול פאַר דער אַרמיי.

עס זענען פאַריבער עטלעכע שטילע מאַנאַטן און מיר האָבן געמיינט אַז מיר וועלן שוין לעבן רויִק. פּלוצלונג — אַ פרישע טראַגעדיע: אין יאַנואַר 1942 איז געקומען אַ באַפעל, דאָס יעדער ייִד זאָל איינצאָלן אַ קאָנטריבוציע פון 7 גראַם גאָלד פער קאָפּ. אַזוי ווי עס זענען געווען ביי אונדז אין שטאָט 5 טויזנט יידן, האָט מען געמוזט איינצאָלן 35 קילאָגראַם גאָלד. דאָס איז געווען אַ גרויס אומגליק, ווייל ביי אונדז זענען געווען פיל יידן אַנגעלאָפענע פון אַנדערע שטעט, נאָך פון 1939, און מ'האָט פון זיי גאַרנישט געקענט פאָדערן.

איז טאַקע געווען זייער שווער. נאָר אַזוי ווי אונדזער שטאָט האָט געלעבט גוט מיטן געביט־קאָמיסאַר, — ער פלעגט זאָגן, אַז סאַרנער יידן זענען גוטע, זיי וועט מען נישט „קאַפּוט מאַכן", — האָט ער צעלייגט די קאָנטריבוציע אויף עטלעכע מאָנאַטן. ביסלעכווייז, מיט גרויס צרות און ליידן, האָט מען אָפּגעצאָלט די קאָנטריבוציע. און אַזוי האָבן מיר מיט צרות, מיט הונגער, מיט קעלט, מיט נויט און פיין, ווער עס האָט אויסגעהאַלטן און ווער עס האָט נישט אויסגעהאַלטן, איבערגעלעבט דעם שווערן ווינטער.

אין חודש אַפּריל איז געקומען אַ פרישע גזירה: אַ געטאָ פאַר די יידן אין פאַרלויף פון 15 טעג. די יידן אַליין מוזן אָפּטיילן עטלעכע הינטער־גאַסן פון דער שטאָט און זיי אַרומצוימען מיט ברעטלעך. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שרעקלעכע. די יידן האָבן פאַרלאָזן זייערע הייזער, אַלע זענען געלאָפן, ווי נאָך אַ שריפה, אין געטאָ אַריין. אין דער־זעלבער צייט איז באַשטימט געוואָרן אַ יידישע פאָליציי מיט דעם קאָמענדאַנט מאַרגוליעס אין דער שפּיץ. זייער אויפגאַבע איז געווען האַלטן אָרדנונג אין געטאָ, שטיין ביי די פורטקעס און נישט אַרויסלאָזן יידן פון געטאָ און נישט אַריינלאָזן אוקראַינער און פאָליאַקן. יידן האָבן געמעגט אַרויסגיין פון געטאָ נאָר דורך דעם טויער, לויט אַ ספּעציעלע דערלויבניש פון פאָליציי־קאָמענדאַנט. אַז מ'פלעגט כאַפּן אַ ייד אויסער דעם געטאָ אָן אַ פּראָפּוסק, האָט מען אים באַשטראָפט מיט געלד און גע־שלאָגן מכות־רצח. ס'איז געשען אַ פאַל, אַז אַ פרוי איז אַרויסגעגאַנגען אָן אַ פּראָפּוסק פון געטאָ; מ'האָט איר געכאַפּט און איר מיט איר גאַנצער פאַמיליע, וועלכע איז באַשטאַנען פון 7 פּערזאָן, דערשאָסן אין זעלבן טאָג.

דערנאָך האָבן די דייטשן אָנגעהויבן ברענגען מענטשן פון די דערפער אין דער סביבה אין געטאָ אַריין. די דייטשן האָבן ביי זיי אַלץ צוגענומען. ס'זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז מ'הרגעט יידן אין ראָוונע, קאָוועל און אַנדערע שטעט אַרום סאַרני. די לאַגע איז געוואָרן מיט יעדן טאָג קריטישער און ערגער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ הונגער, זאָגאַר אַ שטערבלעכקייט פון הונגער. מיר האָבן געזען, אַז די קאַטאַסטראָפע איז אומפאַרמיידלעך אויך פאַר אונדז.

דאַן האָב איך פאַרגעשלאָגן די חברים און שכנים מאַכן אַן אָנפאַל, פאַרברענען די שטאָט און אַנטלויפן אין די וועלדער. פיל זענען געווען איינשטימיק מיט מיר, און אַ טייל זענען געווען קעגן. זיי האָבן געזאָגט, אַז מ'טאָר נישט אַרויסרופן דעם וואָלף פון וואַלד, ווען ער קומט נישט אַליין. אין פיל ערטער זענען טאַקע שוין די געטאָס ליקווידירט געוואָרן. אָבער ביי אונדז וועט עס צו דעם נישט קומען, ווייל מיר גייען אַלע אַרבעטן און מ'צאָלט אַלע קאָנטריבוציעס, נאָר מ'דאַרף זיין צוגעגרייט צו יעדן פאַל. ווען עס וועט ח"ו קומען דער טאָג — זאָלן מיר זיין אָרגאַניזירט, קענען שטעלן אַ ווידערשטאַנד און זיך נישט לאָזן פירן ווי שעפּסעלעך צו דער שחיטה, אַזוי ווי עס האָט פּאַסירט אין אַנדערע שטעט.

מיר האָבן טאַקע זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. ס׳האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט דער יידישער קאָמענדאַנט פון פאָליציי, מארגוליעס, און ער איז נישט געווען קעגן דעם. ער האָט געזאָגט: האַלט זיך, חברים, שטאַרק! מיר וועלן זיך נישט לאָזן שעכטן ווי די קעלבער. איינמאָל זיצנדיק מיט דעם פרעזעס פון יודן־ראַט גערשונאָק, וועלכער איז געווען מיינער אַ שכן, האָבן מיר זיך צערעדט וועגן דעם טרויעריקן סוף פון אַלע שטעט אַרום סאַרני. ווען איך האָב מיך צו אים געווענדעט וועגן אָרגאַניזירן זיך אין דער שטיל צו אַ ווידערשטאַנד, האָט מיר גערשונאָק געענטפערט: איר דאַרפט מיר גאָרנישט דערציילן, נאָר טוט ווי איר געפינט פאַר נייטיק. פון זיין ענטפער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז איינשטימיק מיט אונדז. דאַן האָט אונדזער צוגרייטונגס־אַרבעט זיך פאַרשטאַרקט און די גאַנצע שטאָט יידן איז דורכגענומען געוואָרן מיט דעם געדאַנק וועגן דערקלערן אַ קאַמף די מערדער.

מיר זענען געווען אין געטאָ פון אַפּריל ביז אויגוסט 1942. דעם 23־טן אויגוסט האָבן זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע טעג פון ליקווידאַציע פון געטאָ: די אוקראַינישע פאָליציי האָט אַרומגערינגלט דעם געטאָ, די יידישע פאָליציי האָט מען שוין צו די פורטקעס נישט צוגעלאָזט, אויף אַרבעט האָט מען שוין קיינעם פון געטאָ נישט אַרויסגענומען. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז שוין אונדזערע לעצטע טעג, און מיר האָבן שוין נישט וואָס צו פאַרלירן און עס איז שוין געקומען די צייט פון נקמה.

מיטוואָך, דעם 24־טן אויגוסט, האָבן כמעט אַלע יידן פון אונדזער געטאָ זיך צונויפגעקליבן אין יודן־ראַט. מיר האָבן איינגעטיילט די מענער אין גרופּעס פון 50 מאַן מיט אַ גרופּענפירער בראש. יעדע גרופּע האָט געהאַט איר אויפגאַבע צו דערפילן. מיר האָבן צוגעגרייט גראַנאַטן, קאַוסטישע סאָדע אויף אויסברענען די אויגן, בענזין, גאַז אונטערצוצינדן די שטאָט, און מיר האָבן געוואַרט אויף אַ באַפעל. דער הויפּט־קאָמענדאַנט אויף דעם טאָג איז געווען דער פאָליציי־קאָמענדאַנט מאַרגוליעס. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל פון די דייטשן, דאָס אַלע יידן זאָלן דאָנערשטיק, דעם 25־טן אויגוסט זיך מעלדן צום טויער פון געטאָ, און לויט דעם אלף־בית אַרויסרופן יעדע פאַמיליע פון געטאָ. מיר האָבן באַקומען דעם באַפעל מיטוואָך. מיר האָבן געהאַט צייט ביז דאָנערשטיק פרי אַלץ צוצוגרייטן. נאָר דאָ האָט זיך קעגנגעשטעלט דער סעקרעטאַר פון יודן־ראַט נוימאַן און אויפגעקלערט דער באַפעלקערונג, אַז מען רופט נישט צו אומברענגען, נאָר אויסצוקלויבן געזונטע מענטשן צו דער אַרבעט. דער עולם האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון אים און גאָרנישט געטאָן. מיר האָבן אויך באַקומען אַ באַפעל פון קאָמענדאַנט מאַרגוליעס, אַז מיר זאָלן אויף אייגענער האַנט גאָרנישט טאָן, נאָר וואַרטן אויף דאָנערשטיק, דעם 25־טן אויגוסט.

די נאַכט פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק זענען מיר נישט געשלאָפן. מיר האָבן צוגעגרייט אייזערנע לאָמען און געזעסן גרייט נעבן טיר, אָפּוואַרטנדיק די מערדער. אַזוי איז די נאַכט פאַריבער אין שרעק, קלערנדיק וועגן אונדזער סוף. דאָנערשטיק, דעם 25־טן אויגוסט, 6 אַ זייגער פרי, האָבן מענטשן אָנגעהויבן קומען צום טויער פון געטאָ. 7 אַ זייגער אין דער פרי זענען געקומען די ס.ס. און זשאַנדאַרמעריע מיט דעם געביט־קאָמיסאַר. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסרופן לויטן אלף־בית די יידן פון געטאָ. ווען ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט 300 מאַן, האָט מען זיי אַוועקגעפירט. אין געטאָ זענען אַרומגעגאַנגען אוקראַינישע פאָליציי און געקוקט אין די הייזער. יידן, וועלכע האָבן נישט פאַרלאָזט די הייזער, האָט די פאָליציי דערשאָסן. פיל יידן זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד פון פאַרצווייפלונג, דורך פאַרסמען זיך.

אַזוי איז אויך אַרויסגעפירט געוואָרן מיין משפחה: מיין מוטער, שוועסטער שרה מיט צוויי

קינדער, די צווייטע שוועסטער טויבע מיט צוויי קינדער, איך מיט מיין פרוי און קינד, פעטערס, מומעס, שוואָגערס, שוועגערינס, קוזינס און קוזינקעס. מ׳האָט אונדז אַלע פאַרפירט אויף דער צווייטער זייט, אויף אַ פלאַץ אַרומגעצוימט מיט 2 רייען שטעכל־דראָט. פון איין אַרומצוימונג ביזן צווייטן איז געווען אַ מרחק פון אַ מעטער. צווישן די צוויי אַרומצוימונגען זענען אַרומגעגאַנגען דייטשע און אוקראַינישע פאָליציי. ווען עמעצער האָט זיך דערנענטערט צום פלויט, האָבן זיי אים געשאָסן אויף טויט.ביים טויער פון לאַגער זענען געשטאַנען 2 פולעמיאָטן. ווען מ׳האָט אונדז געבראַכט אין דעם לאַגער, זענען דאָרט שוין געווען יידן פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך: דאָמבראָוויץ, בערעזשניץ, ראַקיטנע, קליעסאָוו — בסך הכל 14,000 יידן.

איך האָב געטענה׳ט צו מאַרגוליעס׳ן, דאָס ער האָט צוגעזאָגט מיר זאָלן זיך נישט לאָזן שעכטן ווי די קעלבער און צום סוף האָט ער אונדז נישט געלאָזט פירן אונדזער צוגעגרייטן קאַמף. האָט ער מיר געענטפערט: „פאַרפאַלן, אַזוי איז אונדזער גורל. וואָס האָבן מיר געדאַרפט טאָן? אַנטלויפן, זיך אַליין ראַטעווען און אונדזערע פרויען און קינדער איבערלאָזן אין די הענט פון די מערדער זיי זאָלן פון זיי שניידן שטיקער? בעסער שוין אַלע צוזאַמען גיין אין גרוב אַריין!" דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער.

איך האָב דאָרט אויך געטראָפן מיינעם אַ ברודער מיט אַ פרוי און פיר קינדער, געבראַכט פון קליעסאָוו. זיי און מיר, די גאַנצע משפחה, זענען צוזאַמען געלעגן און אָפגעוואַרט דעם שרעקלעכן טויט. עס איז געווען אַ גרויסע היץ, מענטשן האָבן געחלשט פון דורשט. פאַר אַ פלעשל וואַסער האָט מען אַוועקגעגעבן די אוקראַינישע פאָליציי גאָלדענע זייגערס און גאָלדענע פינגערלעך. פאַפיר־געלט האָט מען געריסן און געוואָרפן אין די בתי־שימוש אויס שרעק צו האַלטן ביי זיך געלט.

דעם 25־טן אויגוסט, 2 אַ זייגער נאָכמיטאָג האָט מען גענומען אַרויסרופן אַלע ראָקיטנער פון לאַגער. 500 זענען אַרויס. באַלד ביים טויער האָט מען ביי זיי צוגענומען די פעקלעך, אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר פאַרמאָגט און געלאָדנט אויף פורן, וועלכע זענען געווען צוגעגרייט ביים טויער. אַ קילאָמעטער פון לאַגער האָט זיך געפונען אַ וועלדל, דאָרט זענען געווען אויסגעגראָבן דריי גרויסע גריבער. די דייטשן האָבן אַהין געפירט די קרבנות, די ערשטע 500, געהייסן זיי זיך אויסטאָן, לייגן אין גרוב אַריין, און די מערדער האָבן זיי אויפן אָרט דערשאָסן.

איך בין אַזוי געשטאַנען און באַהאַנדלט מיט חברים אונדזער האָפנונגסלאָזע לאַגע. פלוצלונג זע איך מענטשן לויפן און די שטעכעדיקע דראָטן זענען דורכגעריסן. ווי אַן עלעקטרישע קראַפט האָט עס מיר אַ שטויס געגעבן: לויפן! איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס און ווען, נאָר מ׳דאַרף לויפן! איך האָב געלאָזט שטיין מיין חבר וארטשון און אָנגעהויבן לויפן, פאַרגעסנדיק אַפילו אַז איך האָב אַ פרוי מיט אַ קינד. ווען איך בין געלאָפן איבער די דראָטן, איז שוין דאָרט געווען אָנגעזאַמלט דורך די פאָר מינוט אַ באַרג — הויך אַ מעטער — פון מענטשן טויטע, פאַרווונדעטע און פאַרחלשטע. זיי זענען געפאַלן פון די שיסערייען פון די דייטשע און אוקראַינישע זשאַנדאַרמעריע. איך האָב אויך דערזען, אַז די באַראַקן, פול מיט מענטשן, ברענען. דאָס האָבן די דייטשן זיי אונטערגעצונדן.

איך בין געלאָפן, געשוועבט איבער בערג פון טויטע קערפערס. די קוילן זענען דורכגעלאָפן מיט אַ פייף דורך די אויערן. גראַנאַטן זענען געפאַלן, אַ פייער, אַ גיהנום פון אַלע זייטן. איך בין געלאָפן, אָבער איך האָב דאַן נישט געוווּסט וואָס איך טו. ווען איך האָב זיך שוין געפונען אַ 400 מעטער פון דעם לאַגער, האָב איך דערהערט די שטימע פון מיין שוועסטער

טויבע. זי איז נאָכגעלאָפן נאָך מיר און געשריען: שטיי, וואַרט, לאָמיר זיך נישט שיידן, לאָמיר לויפן צוזאַמען! ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער ערשטער גאַס פון שטאָט, האָבן די באַנדיטן אונדז פאַרשטעלט דעם וועג. מיר האָבן פאַרלוירן איינער דעם צווייטן. זי איז אַריינ־געלאָפן צו אַ פּאָליאַק אין שטוב און איך מיט נאָך 2 יידן זענען אַרויפגעשפּרונגען צו אַ פּאָליאַק אויף אַ בוידעם. דאָרט איז געווען אַ ביסל שטרוי, האָבן מיר זיך באַהאַלטן און געלעגן. אין צען מינוטן אַרום האָבן מיר געהערט, אַז די דייטשן גייען אַרום איבער די הייזער און זוכן. אַ פּוילישע פרוי האָט געזאָגט: דאָ אין שטאַל האָבן זיך באַהאַלטן דריי יידן. די דייטשן זענען אַריינגעקומען אין שטאַל און אָנגעהויבן שרייען. מיר האָבן נישט געענטפערט און זיי זענען אַוועק. פיל יידן האָבן זיי געפונען אין די סטאָדאָלעס, סעדער און גערטנער, און אויפן אָרט דערשאָסן. אַ שעה שפּעטער זענען געקומען אוקראַינער זוכן אין שטאַל און אויפן בוידעם. נאָר אַ דאַנק דעם וואָס מיר זענען געווען באַהאַלטן אין שטרוי, האָבן זיי אונדז נישט געפונען. אַרום 12 ביינאַכט, ווען מיר האָבן געהערט אַז די שיסערייען מיט די אויפרייסן זענען אַ ביסל שטילער געוואָרן, האָבן מיר אַלע דריי אויפגעריסן די זייט פון דאַך און אַרויסגעקראָכן פון בוידעם.

די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע עס איז געווען 14 טעג אין אלול. מיר זענען אַריבער איבער פיל טויטע קערפּערס, וועלכע זענען געלעגן אין די גערטנער. מיט הינטערוועגן, איבער פּלויטן און פּאַרקאַנעס, זענען מיר אַרויס פון שטאָט, דערגרייכט דעם טייך סלושטש און געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט מיט דעם ברעג פון טייך, ביז מיר זענען געקומען אין דערפל לושיק, 7 ק״מ פון סארני.

דאָ איז אונדזער לאַגע ווידער געוואָרן אַן ערנסטע. מיר האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן, ווו זיך אַהינצוטאָן. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר די שיין פון דער זון, פאַרן שאָטן. מיר האָבן געציטערט, אַז אָט אָט וועלן די באַנדיטן אונדז ווידער כאַפּן. אונדזער פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס. זאָגט צו מיר דער ה׳ אָלשאַנסקי: לאָמיר זיך אַריינוואַרפן אין טייך און דערטרינקען! האָב איך אים געענטפערט: ניין! אויב איך האָב מיך שוין געראַטעוועט פון די מערדער, זאָל איך איצט מיך דערטרינקען? צו דעם האָב איך צייט!

צווישן אונדז האָט זיך אָנגעהויבן אַ חילוקי־דעות: איך האָב געוואָלט אין דאָרף אַריין, און די אַנדערע 2 חברים — אין וואַלד. זענען זיי טאַקע געגאַנגען אין וואַלד, מיינענדיק, אַז דאָרט וועלן זיי זיך בעסער אויסבאַהאַלטן. איך בין געגאַנגען אין דאָרף סטרילסקי, ווייל איך האָב דאָרט געהאַט באַקאַנטע.

אין דאָרף האָב איך מיך אַ לענגערע צייט אויסבאַהאַלטן ביי פּויערים, פיל זיך אָנגעלטן נויט און קעלט, קראַנק געוואָרן אויף כלעראליי קרענק. סוף כל סוף האָב איך געזען, אַז איך וועל דאָרט נישט אויסהאַלטן, בין איך אויך אַוועק אין די וועלדער, ווו איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע און האָב דערלעבט די באַפרייונג.

**צבי פערלשטיין**

# ילדה קטנה בגיטו

עת אני מסתכלת סביבי, רואה אני את עצמי בסארני, ואני אז בת 14 — נערה צעירה, מלאת מרץ ושמחת חיים. לבי שאף למרחב, אך היינו סגורים בחומות הגיטו, והמשטרה האוקראינית בפיקוד אנשי ס.ס. שמרה עלינו לבל ימלט איש מאתנו.

ימים נוראים היו אז, מדוכאים היינו בנפש ועייפים בגוף. אנשים בגיל עמידה נכנעו לגורל — חיכו לנסים, אבל הנוער לא רצה לקבל עליו את הגזירה: תכופות היו מתאספים ודנים במצב, היו מחפשים דרך לשבירת העול הכבד (סיפר לי על כך אחי שלום ז״ל, שאף הוא השתתף בדיונים אלה והצטרף אחר כך למחתרת, שפעלה ביערות שבסביבת סארני ונרצח בשעת פעולה קרבית). פעולות אלה נשאו עדיין אופי מתון, כי איש לא פילל, שהאסון יהיה כה גדול. אולם עבר רק זמן קצר, והכל התחילו להרגיש בשואה המתקרבת.

והנה הגיע היום הנורא: הרוצחים סגרו על הגיטו מכל צד. רק עתה הבינו המבוגרים את הצפוי לנו, והנוער גמר אומר להתנגד בכוח לצורר הנאצי. אחי שלום גילה סודות רבים לאבי, ואנו הילדים התלחשנו בינינו. מובן שלא הבינונו הכל. בלבי חשבתי, כי הנאצים מתכוונים לקומוניסטים בלבד וכי לשאר הישוב היהודי לא יאונע כל רע. הן לא אשמנו, לא עברנו על חוק, למה יתעללו בנו?

בימים ההם חיה כל משפחתנו; אבא, אמא וששת הילדים — בצוותא. הורי, ככל ההורים היהודים, היו יראי ה׳ ומסורים למשפחה, שהיתה ראש דאגתם תמיד. ביום בו נצטווינו להתיצב במקום המיועד, החליטו הורי שלא להשמע לפקודה ולהסתתר בבונקרים. אבא חילק אותנו לשתי קבוצות ואמר לנו: ״ילדי, עתה נצא נגד האויב, כשאנו מחולקים בשתי קבוצות, דוגמת יעקב אבינו בצאתו לקראת עשיו״.

לא ברורים היו לי דברי אבא, אבל האינסטינקט אמר לי שיש לציית להורים, וכך ישבנו נחבאים בשני מקומות נפרדים.

הטרגדיה לא איחרה לבוא; יהודי סארני הובלו כצאן לטבח. אנו בבונקרים טרם ידענו על הנעשה, רק לפנות ערב הגיעה אלינו הזעקה המחרידה. זה היה קולם של אלפי היהודים הנט־בחים: ״שמע ישראל, ה׳ אלהינו...!״

**יונה בורקו—שרמאן**

# דאס לעבן אין געטא

אין אַפּריל 1942 האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די יידן, סיי מענער סיי פרויען און קינדער, מוזן אָפּרייניקן די חורבות פון אַ גרויסן מויער אין צענטער שטאָט — במשך פון 8 טעג. אויב דאָס וועט נישט געמאַכט ווערן ביז דעם טערמין — דראָט זיי אַ פאַרניכטונג. די אַרבעט מוז אויסגעפירט ווערן מיט אייגענע כוחות, נישט באַנוצנדיק קיין מאַשינען און אויך נישט קיין פערד. אַלץ מוז נאָר מיט די אייגענע הענט אַרויסגעטראָגן ווערן אונטער דער שטאָט, אַ מהלך פון 2 קילאָמעטער. אַפילו קינדער פון 10 יאָר האָבן געמוזט מיטהעלפן אָפּרייניקן דעם פּלאַץ. עס האָט אויך מיטגעאַרבעט דער גאַנצער יודן־ראַט מיטן פרעזעס בראש.

דעם 15־טן אַפּריל 1942 האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אַ געטאָ אין דעם מזרח־טייל פון

שטאָט, עטלעכע גאַסן אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם פּלויט און באַוואַכט מיט יידישע און אוקראַינישע פּאָליציי. אין דעם געטאָ זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אַלע יידן פון סאַרני און די אַרומיקע דערפער — ביז 6000 יידן. די וווינונג־באַדינגונגען זענען געווען געפערלעכע — 15 פּערזאָן אין אַ צימער. דאָס האָט געברענגט צום אויסברוך פון פאַרשידענע קרענק.

ענדע 1941־טן יאָר האָבן די דייטשן אַרויפגעלייגט אויף די יידן אַ קאָנטריבוציע פון 13 קילאָ גאָלד. אין חודש מאַי פון יאָר 1942 איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די 2־טע קאָנטריבוציע אין דער גרויס פון אַ פערטל מיליאָן רובל. אין יולי 1942 איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די 3־טע קאָנטריבוציע אין דער הויך פון 7 גראַם גאָלד פער קאָפּ. די יידן האָבן געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען אָפּצוצאָלן די קאָנטריבוציע, כדי צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן. די לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ זענען געווען זייער שווערע. מ'האָט געמוזט אַרבעטן אַ גאַנצע וואָך שווער און ביטער, און באַשפּייזונג האָט מען באַקומען נאָר 100 גראַם ברויט טעגלעך. אויב מ'האָט נישט געוואָלט שטאַרבן פון הונגער, האָט מען געמוזט בגניבה זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ און עפּעס פאַרטוישן אָדער פאַרקויפן פאַר אַ ביסל שפּייז. מענטשן זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער. פאַמיליע יצחק טשאַרנאָטאַ, וועלכע האָט געציילט 9 נפשות, און פאַמיליע לוצקי, פון 4 נפשות, זענען דערשאָסן געוואָרן דורך געסטאַפּאָ, ווייל די פאַמיליענפאָטערס זענען אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ זיך שאַפן אַ ביסל שפּייז. איינער, שלמה בורקאָ, האָט זיך געמאַכט אַ פּרימיטיוו מילכל פון 2 שטיינער, כדי צו צעמאָלן אַ פּאָר קילאָ זיאַרנעס. דאָס האָט ער באַנוצט פאַר זיך און עס האָבן זיך מיט דעם באַהאָלפן אויך שכנים, איז ער פאַר דעם דערשאָסן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ מיט דער גאַנצער פאַמיליע פון 4 פּערזאָן. ———

**יוסף וואָלף**

## די ליקווידאַציע

אַנגעהויבן האָט עס זיך אין די ערשטע טעג מיט אַ פּראָצעסיע, וואָס די גלחים האָבן איינגעאָרדנט. עס זענען דעמאָלט אויסגעמאָרדעט געוואָרן איבער 100 פּערזאָן. אַזוי האָבן די אוקראַינער אויפגענומען די אַריינמאַרשירנדיקע דייטשן.

אַ טויט־שרעק האָט אַרומגענומען יעדן באַזונדער, ווען אונטער די קלאַנגען פון קלויסטערגלאָקן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון אַלע אַרומיקע דערפער מאַסן פּויערן מיט מעסערס און מיט העק קיין סאַרני, ווו די יונגע גלחים האָבן געהאַלטן פייערדיקע העץ־רעדעס, דאָס די יידן זענען שולדיק אין אַלעמען. אָבער איידער זיי האָבן נאָך באַוויזן צו ענדיקן די יידן־העצע, האָבן זיך באַוויזן אין אַלע גאַסן פּלאַקאַטן מיט דער אונטערשריפט פון גענעראַל קאָך, אַז די פּויערן זאָלן זיך נישט מישן אין פּאָליטיק און זיך פונאַנדערגיין יעדער צו זיין אַרבעט און קיינעם נישט אָנרירן. די פּראָצעסיע האָט זיך געענדיקט רואיק.

גלייך האָט זיך פאָרמירט די אוקראַינישע פּאָליציי מיט דעם אוקראַינישן אַרטיסט דוטקעוויטש אַלס ראַיאָן־קאָמיסאַר און אַדוואָקאַט מארינוק אַלס בירגערמייסטער. די ערשטע אויפגאַבע זייערע איז געווען צו רעאָרגאַניזירן די אָרטיקע דרוקעריי צום דינסט פון יידן־העצע (מיט יידישע זעצערס). יעדן טאָג האָט מען אַרויסגעלאָזט אַנדערע פּאַמפלעטן און באַשמוציקונגען אויף דער יידישער באַפעלקערונג. זיי זענען נאָך געגאַנגען ווייטער און האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ פילם, וועלכער האָט דעמאָנסטרירט די קרייצונג פון יעזוסן.

די יידן האָבן זיך פּאַרטיידיקט מיט דעם איינציקן מיטל פון פּלייסיקער אַרבעט פאַר די נאַצישע גזלנים, דורך דעם יודנראַט מיט דעם "אָבעריודע" אַדוואָקאַט נוימאַן (פון קאַליש, פּוילן) בראש. דער אַדוואָקאַט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם בעסטן און פּלייסיקסטן מיט־אַרבעטער פאַר די נאַציס.

יעדן טאָג פלעגט ער גיין צום געביט־קאָמיסאַר ברענגען נייע באַפעלן און זיי אויספירן פּינקטלעך מיט דער הילף פון דעם אוקראַינישן אַרבעטס־קאָמענדאַנט סיוואַק און דער יידישער געטאָ־פּאָליציי, מיטן קאָמענדאַנט מאַרגוליעס בראש. פון טאָג צו טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער. מען האָט באַפוילן יעדער פרוי באַזונדער צו טראָגן ציגל פון איין עק שטאָט אין דער צווייטער, אָן שום נוצן. אין געטאָ איז געוואָרן אַ הונגער. ווער עס האָט געוואָלט אַריינשמוגלען לעבנסמיטל, קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט די געטאָ־פּאָליציי עס צוגענומען פאַר זיך.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אומגליק מיט קאָנטריבוציעס. די ערשטע קאָנטריבוציע אין דער הויך פון 35 ק"ג גאָלד איז דורך דער יידישער באַפעלקערונג אַריינגעטראָגן געוואָרן צו דער באַשטימטער צייט. די צווייטע אָבער פון 75 ק"ג גאָלד — אין משך פון 8 טעג — איז געשאַפן געוואָרן ערשט נאָכדעם ווען אַלע האָבן אויסגעטאָן די קידושין־רינגלעך און אַרויס־גענומען די גאָלדענע ציין.

14 טאָג אין אלול תש"ב (1942) איז געקומען די גזירה.

די אוקראַינישע פּאָליציי האָט זיך פאַרזאַמלט אין די קאַזאַרמעס מיט דעם אויסרייד, דאָס זיי באַקומען דאָרטן די אוקראַינישע פאָן, אָבער ווירקלעך האָט מען זיי דאָרט געגעבן אינסטרוק־ציעס. דעם זעלבן טאָג האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם געטאָ.

איך האָב דעם טאָג געהאַט אַ פאַרגעפּיל און מיט איין שעה פריער בין איך מיט מיין פרוי אַנטלאָפן אין אַ קלויסטער — וואָס האָט זיך דאַן געבויט און אין וועלכן איך האָב געאַרבעט — אין קריסטלעכן טייל פון שטאָט פּאָליעסקע. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב שוין געהערט שיסערייען פון געטאָ.

איך האָב זיך באַהאַלטן אין קופּאָל פון קלויסטער, פון וואַנען איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט אַלץ צו אָבסערווירן. דאָס געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקער וואַך און אויך די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט מיט גרעסערע אָפּשטאַנדן. אין יעדן ווינקעלע פון שטאָט זענען אַרומגעגאַנגען געהיים־אַגענטן מיט הינט. אויך רייטער זענען אַרומגעריטן. אייניקע יידן, וועלכע האָבן פּרובירט אַנטלויפן, זענען גלייך געכאַפּט געוואָרן און צעבלוטיקטע צוריקגעפירט געוואָרן. ס'איז אוממעגלעך געווען, דאָס אפילו איין נפש זאָל זיך פון דאָרטן אַרויסבאַקומען. און דאַ קומט צו מיר צו גיין דער סטאַראָסטע פון קלויסטער, יאַקאָווענקאָ, און זאָגט צו אונדז: "..ווי גאָט איז אייך ליב, אויב איר ווילט נישט, אַז איך זאָל אומקומען צוזאַמען מיט אייך, זאָלט איר גלייך אַוועק פון דאַנען.

איך בין אָבער דאָרט ווייטער פאַרבליבן ביז אויפן צווייטן טאָג. פון דאָרט בין איך אַוועק נישט ווייט אויף דעם קריסטלעכן בית־עולם, וווּ איך האָב זיך באַהאַלטן צווישן די קברים.

די באַנען זענען געווען פול געפּאַקט מיט יידן פון אַרומיקע שטעטלעך: קליעסאָוו, ראָקיטנע, דאָמבראָוויץ, ראַפאַלאָווקע און אַזוי ווייטער, וועלכע זענען געפירט געוואָרן קיין סאַרני. פון דאָרט זענען זיי געפירט געוואָרן אין לאַנגע רייען, אונטער אַ שטרענגער וואַך, צום לאַגער אויף פּאָליעסקע הינטער די דראָטן. אויך ציגיינער האָט מען געפירט אין דעם זעלבן לאַגער.

דער הער נוימאַן — דער "אבער־יודע" — האָט נאָך פּרובירט באַרואיקן די מאַסן. אָבער דאַן האָט ער באַקומען געשלאָגן פון די ציגיינער. עס איז געוואָרן אַ טומל. דער הער נוימאַן האָט פּרובירט פון הינטער די דראָטן זיך ווייזן פאַר דעם געביט־קאָמיסאַר און ווייזן זיין טעקע מיט גאָלד, אָבער דער געביט־קאָמיסאַר האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, דאָס הייסט, אַז ער דאַרף אים שוין מער נישט. ער מעג שוין גיין גלייך מיט אַלע יידן.

דאַן האָט נוימאַן זיך געווענדעט צו די מענטשן מיט די ווערטער: "מיר האָבן דעם פּראָצעס פאַרשפּילט!" און זיך געווענדעט דער ערשטער מיט זיין פאַמיליע צו די גריבער.

דאָס שיסעריי ביי די גריבער האָט מען געהערט אין דער גאַנצער שטאָט. דער טומל איז געוואָרן נאָך גרעסער. איינער, יוסף גענדעלמאַן, האָט מיטגעבראַכט אין קעשענע אַ שער, און אַ ציגיינער האָט מיט דער שער איבערגעשניטן די דראָטן. די מאַסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אַנטלויפן. דאַן האָט מען אַ לאָז געטאָן אויף זיי אַ פייער פון מאַשין־געווער און גראַנאַטן און מען האָט פאַרלייגט דאָס טירל מיט אַ באַרג פון מענטשן. די איינציקע גליקלעכע איז געווען פייגעלע שוואַרץ, וואָס אַ דייטש האָט זיך איינגעשטעלט פאַר איר און זי אַרויסבאַקומען פון הינטער די דראָטן.

(פון "יידישע צייטונג", תל־אביב, 8.9.1955) **אברהם פריילין**

# דער אומקום

...דעם 26.9.1942 ביינאַכט איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגעשטעלט מיט פּאָליציי און שווערע וואָפן, אַלע יידן זענען געוואָרן אַרויסגעטריבן פונם געטאָ און אויסגעשטעלט צו פינף אין אַ ריי און געטריבן געוואָרן קיין פּאָליעסקע. דאָרט זענען שוין געווען צונויפגעטריבן די יידן פון בערעזניץ, קליעסאָוו און דאָמבראָוויץ, אַן ערך פון 20 טויזנט מענטשן, צוזאַמען מיט אונדז — איבער 25 טויזנט. דאָרט זענען מיר געווען אַ גאַנצן טאָג.

אין אָוונט איז געוואָרן פאַראָרדנט, דאָס די ערשטע 500 מענטשן פון ראַקיטנע זאָלן אַרויס און זיך אויסשטעלן אין אַ ריי. דאָרט האָבן שוין געוואַרט פויערן מיט וועגענער. ווידער איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, דאָס אַלע זאָלן זיך אויסטאָן נאַקעט. די מלבושים האָט מען אַרויפגעלייגט אויף די וועגענער, און די מענטשן זענען געטריבן געוואָרן אין שכנותדיקן וואַלד אַריין, דאָרט האָט מען זיי פאַרניכטעט.

נאָך איין שעה צייט, ווען זיי האָבן זיך אָפּגעפאַרטיקט מיט דער ערשטער פּאַרטיע, זענען די רוצחים געקומען נאָך די אַנדערע 500 מענטשן און אויך זיי פאַרניכטעט.

אַזוי האָבן זיי אַרויסגעפירט 4 פּאַרטיעס.

די מענטשן האָבן זיך דאַן אָרגאַניזירט, שוין נישט האָבנדיק וואָס צו פאַרלירן. וויסנדיק, דאָס אויף אַלע וואַרט דאָס זעלבע, האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט. אין שפּיץ איז געשטאַנען דער יידישער העלד מיגדאַל פון שטעטל סעלישטש, נעבן כעלם. ער האָט געשיקט 2 מיידלעך, זיי זאָלן פאַררעדן די וואַך. ווען די מיידלעך האָבן גערעדט מיט דער וואַך, האָבן מיגדאַל מיט זיינע זין איבערגעהאַקט די דראָטן אין 4 פּלעצער און אַלע האָבן זיך געלאָזט לויפן אין וואַלד אַריין. די פּאָליציי האָט געעפנט אַ פייער און אַלע באַשאָסן.

500 מענטשן איז געלונגען אַנטלויפן אין וואַלד. די רעשט מענטשן זענען דעם זעלבן טאָג פאַרניכטעט געוואָרן. זיי זענען אַלע געטריבן געוואָרן אין די גריבער און דערשאָסן געוואָרן. אַזוי זענען געוואָרן פאַרניכטעט 25 טויזנט יידן. פון זיי אַלע זענען פאַרבליבן 40 מענטשן.

**ישראל קורק**

# במגרש ההשמדה

גרתי במחנה של בעלי האומנויות. לא היה לנו שום קשר עם הגיטו הגדול. היה רק איש אחד, לומבסקי שמו, שהיה בא להודיע לנו בקשר לעניני העבודה. בכל חדר־דירה באותו מחנה גרו 2—3 משפחות.

יום אחד נמסר לנו על ידי השוטר צבי פרלשטיין, כי עלינו להתכונן לבריחה על ידי פריצת הגדר וכי, לשם כך, עלינו להצטייד בסכינים ובכל דבר אחר המתאים למטרה זאת. חיכינו לאות, אלא שלא קרה דבר.

בסביבה שבה גרנו לא ידענו על מה שעמד להתרחש. היה זה ביום ד׳ של השבוע. עבדנו כרגיל. ביום ה׳, כאשר קמנו כדי לצאת לעבודה, ראינו כי המחנה הקטן שלנו הוקף שוטרים אוקראינים וגרמנים. השעה היתה עוד מוקדמת. בשעה 6—7 בבוקר החלו מוציאים את כולנו מן הבתים ולא נתנו לנו לקחת חפצים.

הובלנו לברמאצקה, לא הרחק מבית־המרחץ העירוני, בדיוק מול היציאה לרחוב הרחב. שם נאספו באותה שעה כמעט כל יהודי הגיטו. אחר כך נקראו כל האנשים, לפי הרשימות ולפי האלפא־ביתא. ואלה ששמותיהם נקראו צריכים היו לצאת קבוצות־קבוצות, כל אחת 500 יהודים, שעברו את כל הרחוב הרחב והובלו לצד פוליסקה. חצינו את הכביש ומהרחוב הרחב פנינו שמאלה ועברנו על יד פסי מסילת־הברזל.

כשהגענו לפוליסקה, היו שם כבר יהודי רוקיטנו, קלוסובה, ברזניץ ודומברוביצה. הם נמצאו כבר שם יום שלם. אין לתאר מה שהתרחש שם. בין הנמצאים היו כבר מתים אחדים. והחיים היו ללא אוכל ומים. מענין הוא, שאחדים סחבו אתם גם למקום הזה חבילות ואף מזוודות.

בתוך המחנה היו שלושה צריפים, גדושים בני־אדם עוד מן היום שלפני כן. נפוצו שמועות כי הגרמנים בוחרים את הצעירים ושולחים אותם לעבוד, ואילו את הזקנים ישלחו חזרה לבתיהם.

היה יום קיץ חם ביותר.

כך עבר הזמן עד שלוש־ארבע אחר הצהרים כשנחתכו חוטי הגדר. נכון הדבר, שהגרמני שעמד ליד הפירצה סר הצידה, כי קיבל תשלום בעד זה. מאחר שנאמר לנו קודם לכן שעלינו להתכונן, היה לכל אחד מאתנו בכיסו משהו, מספריים וכו׳. אך ייתכן שהיו אלה הפליטים שחתכו את הגדר. (מדוע היו הפליטים ל״שלעגערס״? — כי אם היודן־ראַט הטיל על מישהו תשלום סכום מסויים, והלה סירב, לא היה נוח לשלוח אליו איש סארנאי מוכר לו, אלא היו שולחים אליו אחד הפליטים. אין להאשים אותם על שמילאו תפקיד זה: האמנו שאם נמציא את סכומי הכסף, יהיו אלה כופר נפשנו).

היו שתי גדרות וביניהן היו מהלכים החיילים הגרמנים והמשטרה האוקראינית, כשנשקם הדרוך עליהם או בידם. כאשר נחתכה הגדר הראשונה, הפנימית, ולא כל החוטים שבה, וההמון

התחיל לפרוץ דרכה, לא הספיקו כבר לחתוך את חוטי הגדר השניה, אלא היא הופלה בלחץ ההמון, שפרץ לברוח מהמחנה.

מה הניע אותנו להתפרצות זאת? תחילה נאמר, שלוקחים את הצעירים לעבודה, אבל הזקנים יוחזרו לבתיהם, אבל לאחר השעה שלוש־ארבע נקראו אנשי רוקיטנו וקלוסובה והחלו להוציאם מהמחנה ולהובילם בכיוון היער. אחרי כן הגיעו אלינו מאותו כיוון קולות של יריות. הבנו כי הגיע הרגע האחרון שאפשר בו עוד לפעול. אז נחתכה הגדר והחלה הבריחה.

בתחילה לא חשבתי לברוח, כי חיפשתי את בני משפחתי כדי להיות יחד אתם. נסיתי להיכנס לאחד הצריפים, אך הצפיפות והדוחק מנעו כל אפשרות להתקרב לשם. פתאום ראיתי, שאנשים רבים ברחו במעלה הגבעה, בכיוון החולות. הם רצו בכל כוחותיהם, ובעליה טיפסו על ברכיהם ממש. גם אנוכי הגעתי לאותו מקום, אלא שכבר נערמו שם הרוגים רבים זה על גבי זה ולא יכולתי לעבור. נאחזתי ביז׳י האחת בגדר ובשניה בחוטים וטיפסתי עד שעליתי למעלה והתגלגלתי שוב למטה, והוספתי להתגלגל, כי כבר לא יכולתי לרוץ. היריות נורו מכל צד ורימונים נזרקו על הצריפים. אור היום הועם בגלל ענני החול שהתאבכו מתחת רגלי הרצים וקלעי היריות. הייתי בין אלה שמזלם שיחק להם: חציתי עם עוד אנשים אחדים את הכביש לברז׳ניץ ונכנסנו ליער. שם נפגשתי עם יוסל חסיד והיינו יחד עד הערב.

בערב סרתי לכפר סטרילק אל איכר אחד ונשארתי אצלו.

**יוסף וולף**

## ההצתה שלא יצאה לפועל

בגיטו התגוררו פליטים ממקומות אחרים. מביניהם גויסו ה״שלעגערס״ של הגיטו, שהיו נשלחים אל כל מי שסירב למסור זהב או חפצים כפי המכסה שהוטלה עליו. אני זוכר אחד מהם — הניג, מתאגרף מלודז׳.

פליטים אלה באו אל ה„יודן־ראַט״ בהצעה, שהציעו אותה עוד קודם לכן למרגוליס, שהיה המפקד של המשטרה: ״דע — אמרו למרגוליס — שבכל מקום הורגים את היהודים, מוטב שנצא את הגיטו ונברח אל היער!״ מרגוליס שם לב לדברים ובירר אותם עם וולודיה גולדמן הזקן, שהיה חבר היודן־ראַט. אני גרתי מול בתי הגיטו ומול בנין הקהילה, לכן התכנסנו להתיעצות בדירתי. קראנו גם למוריק וצירולניק.

זה היה ימים מספר לפני האקציה.

בישיבה הוחלט לקבוע איש מיוחד לכל רחוב, והוא יצרף אליו עוד 4 אנשים. אנשים אלה יכינו בנזין או נפט, ובהינתן האות — יציתו את הגיטו מכל עבר. הצעה זאת הוצעה על ידי הפליטים, ה״שלעגערס״ שבגיטו. עד כמה שידוע לי, הם גם אלה שחתכו את גדר התייל, שהיתה סביב מגרש ההשמדה.

שמחה מוריק קיבל על עצמו את הרחוב שלו — רחוב וויסיולה. אני צריך הייתי לקחת את הרחוב שלי — קופייצקה. פתאום אמר מרגוליס: ״איננו יכולים לבצע זאת לבדנו. יש לתאם את הדבר עם העורך־דין נוימאַן.״ הם הלכו אליו וחזרו כשבפיהם ההוראה: לפי שעה להימנע מעשות זאת, כי נוימאַן הלך לנהל מו״מ עם הגביטס־קוֹמיסאַר.

נוימאַן הלך אל הגביטס־קומיסאר, ובינתיים חלפו עוד יום־יומיים. כידוע, הוא לקח עמו את הקופה עם כל הזהב אשר בה ומסר אותה לגביטס־קומיסאר. בשובו אמר לאנשי היודן־ראַט: ״אני מבטיח לכם, כי לא יגעו אף באחד מאתנו לרעה. הלא אנו גם עובדים!״

כך קרה שהצתת הגיטו על ידי היהודים עצמם — לא יצאה אל הפועל.

ביום חיסול הגיטו, כאשר גרשו אותנו אל ה״רחוב הרחב״ (די ברייטע גאס), ראיתי כי במרחק 2—3 צעדים ממני נפל יהודי זקן, גבה־קומה. הוא מעד באמצע הרחוב, ואז ניגש אליו שוטר אוקראיני מסאַרני, נוטקין שמו, בעט בו ברגלו ופגע בצווארו. אך הזקן לא קם ונשאר שוכב על המדרגות. אחר כך שמענו יריה ונודע לנו כי הרגו את היהודי בשכבו על המדרגות.

זקן זה היה, כנראה, אפרים רטפן.

בבואנו לפוליסקה היא היתה כבר מגודרת בחוטי־תייל. על גבעה קרובה ניצבה מכונת־יריה וצוות של גרמנים לידה. אנו נמצאנו בעמק, כי גם מהעבר השני של המגרש התרוממה גבעה. בין המוני הנאספים היו גם הפליטים שהזכרתי. לאחד מהם היה גרזן, ולשני — צבת. הם ניגשו אלי ואמרו: ״צריך לעשות איזה מעשה!״ אותה שעה עמדתי ליד אשתי וילדי, ובלי חולצה לגופי. היו לי אתי שני שעונים ושלוש טבעות־זהב ורציתי להשיג מים בשביל הילד שהיה צמא. השוטרים האוקראינים ערכו מסחר מיוחד: הם היו מביאים בקבוק מים ותמורתו קיבלו מטבע של זהב או דבר ערך מזהב. אבל כדי לגשת אליהם, צריך היה להתקרב אל גדר־התייל. רק כך אפשר היה להידבר עמם על המחיר בעד המים. כאשר פניתי לגדר, אמר לי מישהו, כי הפליטים כבר התחילו במלאכה. עוד אנו מסתכלים כה וכה, והם כבר חתכו במהירות את חוטי התייל. סרג׳נט אחד, שעמד בקרבת מקום, פנה הצידה, כאילו מתוך כוונה לא לראות את הנעשה. הקרובים לפירצה החלו לברוח דרכה, והשוטרים האוקראינים פתחו ביריות בהמון. החוט התחתון שבגדר לא נחתך והקשה על הבריחה. היינו צריכים לרוץ במעלה הגבעה, ומכונת־היריה יכלה בנקל לקצור בנו. רבים נפלו הרוגים ופצועים.

במרוצתי הדביקה אותי ילדתו של בייגל(?), כבת 14. יחד אתה ברחתי היערה.

ברוך קרימסקי

# הייתי בן 15

## החיים בתוך הגיטו

הייתי בן 15 כאשר נכבשה סארני ע״י הגרמנים.

זמן קצר לאחר הכיבוש נצטוו כל היהודים להתרכז בצד אחד (הישן) של העיר, וכל דרי הצד של פוליסקה נצטוו לעבור לצד השני. באותו זמן בערך צווינו גם לענוד את סמל המגן־דוד על השרוול.

עד לריכוז בתוך הגיטו, היתה תנועתם של יהודי סארני חפשית בכל העיר.

יהודי העיר חויבו לעבוד בעבודות שונות, החל מניקוי הרחובות ע״י נשים וכלה בבנית גשרים.

היו גרמנים, שעמדו על גבי העובדים ומקלם בידם. אך היו גם אילו גילויים של יחס אנושי מצד גרמני אחד או שני. כשנפצע משה גולדמן מקלוסוב בעבודתו במנסרה בסארני, נשאו הגרמני הזקן על ידיו והביאו לביתו, דאג לעזרה רפואית ולאחר מכן הביא לו מצרכי מזון וביקרו פעמים מספר בביתו.

במשך הזמן התארגנו בעיר מפעלים קטנים אחדים, בהם הסתדרו אנשים שונים בעבודה קבועה.

מצבם הכלכלי של תושבי הגיטו היה מותנה בכמות המטלטלים הניתנים להחלפה במצרכי מזון שהיו ברשותם, וכן בקשרים שהיו ליהודי זה או אחר עם נוצרים מן החוץ. היו נוצרים שהיו מתגנבים לתוך הגיטו ומביאים למכריהם מצרכי מזון תמורת בגד״ים או דברי ערך אחרים. רע יותר היה מצבם של הפליטים הרבים, שחיו בגיטו סארני, ושל מעוטי היכולת. אלה טעמו את טעם הרעב. אנשים נפוחי־רעב הבאים לבקש נדבה של כמה תפוחי־אדמה, היו חזיון נפרץ בגיטו של סארני. מנת הלחם שניתנה לפי כרטיס המזון לא יכלה להספיק אפילו לארוחה אחת.

מאחר שהתנועה בתוך הגיטו היתה אסורה לאחר רדת החשכה, היו חיי החברה משותקים כמעט לגמרי. כל אחד הסתגר בחוג משפחתו. פרט לזעזועים שפקדו את חיי הגיטו, כמו יום המפקד הראשון (יום הכיפורים) ועוד מקרים דומים, הרי מה שציין את חיי הגיטו היתה הציפיה הגדולה שהנה הנה יתמוטט שלטון הרשע ותנועת החזית תשנה את כיוונה ותביא לנו גאולה. פה ושם נקלטו אילו חדשות, שנמסרו מפה לאוזן ושימשו עידוד חשוב לרוחם של יהודי הגיטו בסארני.

נראה, שחדרו לסארני ידיעות בלתי ברורות על הנעשה בגיטאות אחרים. זו היתה הסיבה לספקות על עתידם של יהודי הגיטו שהחלו לכרסם בלבבות. ממרחק הזמן אני לומד על כך מן העובדה, שיהודים החלו לבנות מקלטים ומקומות סתר. כן זוכר אני, שבין בני גילי דובר על התנגדות, בריחה וכו׳, אף כי לא היה לנו ברור איך להתנגד ולאן לברוח. פעם הגיעתנו שמועה על רכבת גרמנית, שהותקפה על ידי פארטיזאנים בין אולבסק לאוסטקי. שמועה זו שימשה לי אח״כ סימון דרך לכוון התקדמותה של הקבוצה שלי, לאחר בריחתנו מגיא ההריגה.

## היומיים האחרונים של הגיטו:
## 26—27 באוגוסט שנת 1942.

הגיטו מוקף! אין יוצא ואין בא!

זו היתה הידיעה הראשונה אור ליום רביעי 26 באוגוסט. על השערים והיציאות מן הגיטו, שהיו נשמרים בדרך כלל על ידי שוטרי הגיטו, הוצבו משמרות מזוינים של שוטרים אוקראיניים. היו אנשים מבין דרי הגיטו בקרבת השערים, שעוד בלילה הרגישו בתכונה הבלתי רגילה, וכמה בחורים נועזים שניסו לפרוץ את טבעת הכיתור ולברוח — נפצעו או נהרגו. מובן, שאיש לא יצא אותו יום לעבודה, וכל הגיטו היה כנחיל דבורים, שהדריכו פתאום את מנוחתו.

ייתכן שכבר קודם היתה התארגנות להתנגדות אקטיבית לגרמנים ומשרתיהם. לי נודע הדבר בעצם היום ההוא. דובר על הצתת הגיטו. לפי התכנית היה על כל איש להצית את ביתו, ועם גבור המהומה — להתנפל על המשמרות ולאפשר על ידי כך את בריחתם של מספר גדול ככל האפשר של אנשים.

עד כמה שראיתי בעיני, היו המארגנים של ההתנגדות — פורטנוי, שמחה מוריק, משה פיקמאַן ויצחק גלר.

ראיתי שבביתו של יהושע גולדמן, שהיה סמוך למלון של גולדמן בו היה מקום מושבו של היודנראט, מחלקים בקבוקים קטנים של בנזין וחמרי הצתה אחרים. משום מה נתבטלה — בהשראת היודנראט — התכנית להתנגדות.

הלילה שבין היום ההוא לבין יום האסון, הוא יום חמישי, היה ליל שמורים. מעטים ישנו אותו לילה. מעטים ניסו את מזלם לפרוץ ולברוח או להסתתר במחבואים.

לאחר שעברנו מפוליסקה לגיטו, גרנו מול בית המרחץ וליד ביתו של ד״ר קוז׳וחוב. כך

יכולנו לראות את כל יהודי הגיטו מובלים לקראת השער הראשי בגיטו, שיצא מרח׳ בארמאצקה לרחוב ״הרחב״. עודני זוכר שברגעים האחרונים של עזיבתנו את הגיטו ראיתי את פורטנוי חוזר עם כמה בחורים לתוך הגיטו. דובר על כך שהם יציתוהו, אולם הדבר שוב לא יצא אל הפועל.

משעה זו ואילך התנהל הכל במהירות וביעילות הגרמנית הטיפוסית. הועמדנו לפי רשימת המשפחות בשורות של חמישיות — מאה שורות, והובלנו לכל אורך הרחוב ״הרחב״ לעבר פוליסקה, כשהתושבים הנוצרים עומדים מצדי הרחוב ומסתכלים בנו. יהודים זקנים או חולים אחדים הוסעו בעגלה. חצינו את פסי הרכבת והוכנסנו למחנה, שהיה מוכן מראש ושהיה כבר מלא יהודים מהעיירות הסמוכות רוקיטנו, קלוסוב, דומברוביצה ועוד.

במחנה היו שלושה צריפים.

משמאל למחנה, במעלה הגבעה, עמדה הכנסיה הפולנית; במורד — נמשך הרחוב שהוביל אל בית־הקברות. על הגבעה היה בנין הגביטס־קומיסאר. מימין למחנה עמד בית, שבזמן הרוסים שימש מעון לאנשי הנ.ק.וו.ד.. שם הציבו מכונת־יריה.

עדיין לא ברור היה מה מצבנו. עדיין לא רצה הלב להאמין, שאכן זה הסוף. הומצאו תיאוריות שונות: הגרמנים עומדים להעביר את כולנו למחנה עבודה בקסרקטין שליד סטראשוב לשם עבודה ביערות ובמחצבות שבסביבה. לא ייתכן, שהגרמנים יחסלו סתם כך אנשים העובדים בשבילם ומביאים להם תועלת.

יהודי העיירות שהובאו קודם, היו במצב קשה, ללא מים וללא מזון. והיום — יום חם של חודש אלול היה. יהודי זה או אחר קנה בקבוק מים משוטר תמורת שעון זהב או מטבע זהב. היו יהודים שהתקרבו לגדר כדי להשיג מים ונורו ונפצעו.

ישבנו במרכז המחנה, שהיה מלא עד אפס מקום. השגנו בקבוק מים וסבי ז״ל, הרשל טורקניץ (דער פלאטניצער), נטל את ידיו בקמצוץ של חול כדי לברך על לגימה של מים.

עם כניסתם של יהודי סארני למחנה החלו הגרמנים לקרוא לפי הסדר את יהודי העיירות שמן הסביבה ולהובילם בקבוצות גדולות בכיוון היער שבדרך לבית הקברות היהודי. לאחר מכן התחילו להגיע לאזנינו הדים עמומים של יריות ושל התפוצצויות. הענין התחיל להיות ברור לחלוטין. היו כאלה שזרקו את זהבם ואוצרותיהם לתוך בית השימוש שבמחנה, אחרים חתכו את בגדיהם החדשים כדי שלא יביאו תועלת לגרמנים.

### הפריצה והבריחה

ביניתיים שמעתי שאנשים עומדים לפרוץ דרך הגדר החוצה. החלטתי בלבי לגשת לגדר ולראות מה המצב. אמרתי להורי, שאני הולך לרגע ומיד אחזור. כשהתקרבתי לגדר, נאמר לי ע״י מישהו, ואינני יכול להיזכר מי זה היה, שיש לרכז את הצעירים והבריאים ליד הגדר. רצתי איפוא חזרה וקראתי: הצעירים, אל הגדר! לא הספקתי להגיע אל בני ביתי כשפרצו היריות. נראה, שהן היו מרובות (ממקלע אחד או שנים) ובאו מן הבנין שעמד בצד המגרש שפנה לעיר, כי גל האנשים שברח מפני היריות בתוך המחנה שטף לכיוון הצריפים שעמדו בצד שממול. הרוגים ופצועים התגוללו על כל צעד ושעל, וההמון רץ כשאיש דרך על גבי חברו.

נפץ של רימונים מתפוצצים לא שמעתי. נראה, שהשוטרים נסוגו בתחילה לצדדים מחמת הלחץ של ההמון הרב שרץ אל הפירצה.

(אגב, יחד אתנו הכניסו לתוך המחנה גם צוענים. הללו באו כשהם נושאים עמם את צלמי

קדושיהם, האָם הקדושה וכו׳, בהאמינם כי בזכותם יתייחסו אליהם יותר טוב. אך זה לא הועיל להם. הוציאו אותם אל היער יחד עם הקבוצות של רוקיטנו. היו ביניהם שנשארו בתוך הצריפים, וכפי ששמעתי הם שהציתו אותם, כי אמרו: בחיפוי של עשן הצריפים הבוערים ובמהומה שתפרוץ, נצליח לברוח).

מישהו נפל עלי. בקושי רב עלה בידי להשתחרר מתחת לערימת האנשים, שנפלו על זה שנפל עלי. לפני הצריפים היה שטח ריק, שנראה היה כאילו טאטאוהו במטאטא. זאת היתה כנראה תוצאת פעולתו של מקלע, שהוצב על הגבעה שבירכתי המחנה. בקושי הגעתי אל הגדר שנפרצה, אולם לא מצאתי את הפירצה. טיפסתי איפוא על הגדר הראשונה ומעליה התגלגלתי למטה. את הגדר השניה, שהיתה במרחק של שלושה מטרים מהראשונה, עברתי בזחילה מתחתיה.

הייתי מחוץ למחנה.

התחלתי לרוץ בכיוון הבתים שבסביבה. עם כל צרור יריות נפלתי לארץ, קמתי ושוב רצתי עד שהגעתי בין הבתים וראיתי יהודים רצים. רצתי אחריהם. ראיתי פולני שעמד וצעק: ״הלאה מחצרי!״ ראיתי בחור, שנשאר בגינה כדי לקטוף עגבניה. ראיתי יהודי מקלוסוב, בורשטין שמו, כולו אדום מדם שלו או של זולתו, רץ ולפניו רץ בנו כשהוא מדריכו לאן ירוץ. השלכתי את מגפי והוספתי לרוץ יחף. לפני רצו בחורים כשהם לבושים רק בתחתוניהם. יצאנו לשדות. פה ושם נשמעו יריות בודדות מן הצדדים. נכנסנו בין שיחים. שמרתי את צעדיו של זה שרץ לפני.

כשהחשיך נעצרנו. היינו עשרים וששה גברים, נשים וילדים. אחד, פליט מפולין, עם תינוק בן שבועיים בזרועותיו. בקבוצה היה ברל ביק שהכיר את הסביבה. הוא הוביל אותנו לעבר הנהר סלוץ׳. נכנסנו לביתו של גוי, שהדריך אותנו כיצד להגיע אל הנהר. עברנו את הנהר ופנינו ליערות. תוך יומים נתפלגה הקבוצה לקבוצות קטנות.

בקבוצתי היו שבעה אנשים: שלושת בניו של פורטנוי — בנו בן 17, אהרון בן 13 ואח קטן בן 5 (כעת בארץ); סנדלר סארנאי, כבן 50 — טורוק; בחור בן 16 מגימוביץ; בנו של ה״זא־דארמוניק״, בן 12—13, ואנוכי.

איש לא ידע לאן עלינו ללכת. מקום המצאנו היה תחנה ביער על פסי הרכבת הצרה שהובילה לפוגץ שליד קלוסוב. אמרתי איפוא: בואו ונלך בכיוון קלוסוב. שם אמצא גויים מכרים.

כך התקדמנו לאורך הפסים. בדרך מצאנו תמונות של בחורות מקלוסוב, שהיו קודם אתנו (בנות שיינטוך) וכנראה נתפסו על ידי המשטרה האוקראינית.

אריה טורקניץ

## הגביטס־קומיסאר הבטיח

הצו על ריכוז האנשים, פורסם ביום ב׳, ה־24 באבגוסט. סגן הקומיסאר נקרא בשעה 5 בבוקר ונמסר לו שהכל צריכים להתאסף בעוד 3 ימים לשם רגיסטרציה.

לאחר כמה שעות בא נוימאן, עורך־דין מקאליש שהיה מזכיר היודנראט שלנו, הואיל ושלט יפה בשפה הגרמנית. (לפי דעתי, היה הוא מסור לענין היהודי שלנו). ענין הרגיסטרציה נמסר לנוימאן, והוא הודיע על כך בישיבת היודנראט. אנשים התחילו לחשוב כי הכוונה לא לרגיס־טרציה, אלא לדבר הרבה יותר רציני. הוחלט לגשת אל הגביטס־קומיסאר. ובכן ניגשו אליו והציעו לו סכום מסויים בזהב. לשם כך נאלצו להטיל צו־החרמה על כל יהודי שהיה לו זהב

ומתן תמורה בסחורות כגון טקסטיל וכדומה, שאפשר היה למצוא אותן אצל יהודים אחרים.

מפעולה זאת נותר אחר כך זהב, כי לא כל כמות הזהב שנאספה נמסרה לגביטס־קומיסאר. הנציגים באו להסכם אתו, שהואיל ואינם יכולים לאסוף את כל כמות הזהב שהוא דרש, הרי תמורת החסר הוא יקבל כסף אוקראיני, שישולם לו בתשלומים חדשיים במשך חדשים אחדים.

שמחנו מאוד לסידור זה, כי שיערנו שפירושו היה, שניתנה לנו ארכה לחיים. סברנו, שאם הגביטס־קומיסאר הסכים לחלק את ה״חוב״ לשיעורין במשך כמה חדשים, יש בכך סימן לטובה. הוא גם אמר לאלה שבאו אליו: ״כל עוד אהיה גביטס־קומיסאר של סארני, לא יאונה לכם כל רע״. זה נראה לנו גם הגיוני, כי יהודי המקום סיפקו תמיד את מספר האנשים שנדרש לעבודה וגם העניקו לקומיסאר, לעתים תכופות למדי, מתנות יפות. אגב, אותו גביטס־קומיסאר, בנסותו לשכנע את היהודים כי אין כל סכנה נשקפת להם, אמר: ״לו חשבנו לעשות משהו, היינו סוגרים תיכף את הגיטו״.

בסופו של דבר, ביום בו סגרו את היציאה מהגיטו, וזה היה כבר ביום ה׳ בבוקר באותו שבוע, נמסר כל הזהב שהיה בקופת היודנראט לגביטס־קומיסאר, בתור מתנה, והוא חזר והבטיח כי האנשים יצאו רק לרגיסטראציה וכי לאחר זה ישובו לבתיהם ולא יאונה להם דבר. הוא לקח את הזהב, אך למרות כל הבטחותיו נסגר הגיטו ואירע מה שאירע.

למגרש הריכוז, שהיה מוקף גדר־תייל, הוכנסו עוד ביום ד׳ אנשי דומברוביצה, קלוסובה ורוקיטנו.

הגרמנים היו מוציאים ממגרש הריכוז אל החורשה קבוצת אנשים גדולה, מחלקים אותה לקבוצות קטנות, ומקרבים כל אחת לחוד אל שפת הבור, שם ציוו על האנשים לפשוט את בגדיהם העליונים ולהשאר רק בתחתונים.

בקרבת מקום עמד ארגז מיוחד, שלתוכו הריקו מכיסי הבגדים של אנשי הקבוצות את כל החפצים, התכשיטים והכסף. האנשים שהתפשטו אולצו לרדת אל הבור ולשכב על בטנם כשפניהם למטה. במצב זה היו הרוצחים יורים בהם מאקדוחים אוטומאטיים. הגרמנים נקטו בדרך זו כדי לא לעורר רעש. ואכן, קשה היה לשמוע על מגרש הריכוז את היריות מהאקדוחים בגלל הרעש ששרר שם, כתוצאה מהצטופפותם בתנאים איומים של אלפי אנשים, נשים וילדים.

ליד הארגז שמר משמר גרמני על הביזה.

בשעה שנתחכה הגדר שהקיפה את המגרש, ברח אחי, ואני רצתי בעקבותיו. הגרמנים ועוזריהם התחילו לירות בהמון הבורח, ועל יד הפרצה שבגדר נערמה ערימת הרוגים ופצועים. גם מי שהצליח להעפיל על ערימת אנשים זאת ולעבור מעבר לגדר, נפצע או נהרג שם. אחי הצליח לעבור תחת מטר הכדורים ורץ לביתו, אך ברחוב תפס אותו מאחוריו שוטר אוקראיני והרג אותו במקום. ילדתו של אחי הצליחה להגיע בשלום לבית והסתתרה במשך שלושה ימים אצל שכנה פולניה. שכנה פולניה זו סיפרה לי אחר כך, בשנת 1944, שהאוקראיני אושייקו בא אליה ואמר לה: ״אַת מסתירה בביתך את בתו של נוימן, הוציאי אותה ומסריה לידי!״ אינני יודע אם אותה שכנה מסרה את הילדה לידיו, או שהוא עם חבריו הוציאוה בעצמם מהרפת בה התחבאה והרגו אותה. כשבאתי לסארני ב־1944, כבר לא מצאתי שם את האוקראיני הזה. שמה של בת אחי היה לאה.

בשעת הבריחה נפגעתי גם אני בעורפי בכדור, אך הפצע היה קל, כך שיכולתי להוסיף לרוץ בכיוון היער. בהגיעי לשם, פניתי לצד יערות ברזניצה. שם נפגשתי עם בחורים דומברוביצאים, שהיו בין הפארטיזאנים.

**פנחס נוימאן**

# גערּאטעוועט דורך א דייטש

(דערציילט דורך פייגע שוואַרץ־שערמאַן ז״ל. נאָטירט דורך נחמיה שערמאַן)

### אין געביטס־קאָמיסאַרס הויז

ווען דער יודנראַט אין סאַרני האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן, האָט ער אויך אויסגעפירט אַלע ווערבירונגען פון יידן צו די צוואַנגס־אַרבעטן. איינמאָל האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט צוויי אַרבעטערינס אין הויז פון געביטס־קאָמיסאַר. איך מיט מיין קוזינע זענען געשיקט געוואָרן אויף דער אַרבעט. ווייזט אויס, אַז אונדזער פלייסיקע אַרבעט איז געפעלן געוואָרן, און די דייטשן האָבן באַפוילן, אַז מיר זאָלן קומען אַרבעטן יעדן טאָג.



זיי האָבן זיך צוביסלעך צו אונדז צוגעוווינט, און פיל מאָל האָבן מיר געהאַט א געלעגנהייט צו אָבסערווירן און זיך צוהערן צו די נייס, וועלכע פלעגן דאָרט פּאַרקומען. נאָכדעם האָבן מיר אַלץ איבערגעגעבן אין יודנראַט. מיר פלעגן גיין אַרבעטן אין שטוב פון געביטס־קאָמיסאַר אויך שפּעטער, ווען אַלע יידן זענען געוואָרן פאַרשלאָסן אין געטאָ. דער געביטס־קאָמיסאַר איז געווען אַ גרויסער מערדער, און צוהילף האָט ער נאָך געהאַט אַ בייזן הונט, וועלכן ער פלעגט אויפרייצן אויף זיינע יידישע קרבנות. ווען דער הונט פלעגט אָפּלאָזן זיין קרבן, איז דער שוין געלעגן כמעט טויט. ערשט דאַן פלעגט דער קאָמיסאַר אים אָפּרופן.

אַזוי האָבן מיר געלעבט אין שרעק און צער.

שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן די קאָנטריבוציעס.

אָפט איז מיר געלונגען אונטערצוהערן די שמועסן צווישן די דייטשן, וועלכע פלעגן קומען צום קאָמיסאַר און באַקומען באַפעלן. אַזוי אַרום האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דער צווייטער קאָנטריבוציע, וואָס די דייטשן האָבן באַשלאָסן אַרויפצולייגן. איך האָב באַלד וועגן דעם צוויסן געגעבן דעם יודנראַט. דער יודנראַט האָט באַשלאָסן איינצאָלן אויף די צווייטע קאָנטריבוציע, און שפּעטער אויף די דריטע, וועלכע איז שוין געווען די שווערסטע. דער יודנראַט האָט שוין געמוזט אָננעמען דראַונגס־מיטלען, און אפילו פיזישן צוואַנג. ער האָט אויך פאַרלאַנגט פון יעדן ייד צו שווערן ביי שוואַרצע ליכט, אַז ער פאַרמאָגט שוין מער גאָרנישט. נאָך אַלץ האָט דער יודנראַט געגלויבט, אַז די בלוט־דורשטיקע בעסטיע וועט זיך באַגנוגענען מיט דער געלט־קאָנטריבוציע.

נאָך די קאָנטריבוציעס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נייע באַפעלן: איצט האָבן זיי פאַרלאַנגט גוטע אָנצוגן, שטיוול, וועש, סערוויזן פון כלים א. א. ווען זיי האָבן געזען, אַז זיי האָבן שוין אַלץ אָוועקגענומען, האָבן זיי אָנגעהויבן צוגרייטן די פאַרניכטונגס־אַקציע.

### די פאַרניכטונג

די לאַגע אין געטאָ איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער. די וואַך איז געוואָרן שטרענגער. מען האָט געמוזט האָבן ספּעציעלע דערלויבענישן אויף אַרויסגיין צו דער אַרבעט. איך האָב געהאַט אַזאַ דערלויבעניש, ווייל איך האָב נאָך אַלץ געאַרבעט ביי דעם געביטס־קאָמיסאַר.

איינמאָל האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צוצוגרייטן אַ מאָלצייט פאַר מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט אָנקומען אויף צומאָרגנס. די אָנגעקומענע געסט זענען געווען די ס.ס. לייט, וועלכע האָבן געדאַרפט אויספירן די פאַרניכטונגס־אַקציע. איין דייטש האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז די וועלט איז אַזוי שיין און דאָס לעבן וואָלט אויך געדאַרפט זיין שיין. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, אָבער ווען איך האָב באַמערקט ווי די דייטשן סוד׳ען זיך — האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס׳וועט פאָרקומען עפּעס שרעקלעכעס. איין דייטש האָט מיר אָנגעוויזן אויף די פּעק פון געווער און געזאָגט, אַז מען וואָלט געקאָנט דאָס פאַרנוצן אויף בעסערע צוועקן.

ס׳איז געוואָרן שפּעט און איך בין צוריקגעלאָפן אין געטאָ צו מעלדן וואָס איך האָב געזען ביי דעם געביטס־קאָמיסאַר. די יידן האָבן נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס וועט פאָרקומען.

די וואָך אין געטאָ איז געטוישט געוואָרן: אנשטאט די יידישע פּאָליציי, האָט זי איבערגענומען די אוקראַינישע. ווען איך האָב געוואָלט צוריקגיין צו מיין אַרבעט, האָבן זיי מיך שוין נישט אַרויסגעלאָזן. דעם טאָג פאַרנאַכט איז אַרויס אַ באַפעל, אַז צומאָרגנס אינדערפרי וועט פאָרקומען אַן אַלגעמיינע ציילונג, און אַלע — פון גרויס ביז קליין — דאַרפן אַרויס פון די הייזער. איצט האָבן שוין אַלע פאַרשטאַנען, אַז דאָסמאָל וועט נישט זיין קיין געוויינלעכע ציילונג.

אינדערפרי איז די ציילונג אַדורך מיט גרויס פּינקטלעכקייט. דער יודנראַט האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז קיינער זאָל נישט פעלן. מ׳האָט געדראָט אַז אויב עמיצער פון אַ משפּחה וועט זיך נישט צושטעלן, וועט די גאַנצע משפּחה אויסגעשאָסן ווערן. נאָך דער ציילונג האָבן די מערדער נאָך געפּרוווט איינרעדן, אַז מען וויל אַלעמען אַריבערפירן צו אַרבעט אויף אַן אַנדער אָרט. און זיי האָבן געהייסן מען זאָל זיך צוגרייטן. טראָץ דעם וואָס אַלע האָבן שוין געפילט, אַז דער חורבן איז נאָענט, האָט מען געוואָלט גלויבן, אַז מען וועט פאָרן אויף אַרבעט און יעדער האָט זיך צוגעגרייט דערצו און מיטגענומען וואָס ער האָט נאָך פאַרמאָגט. יעדער האָט געטראַכט: אפשר וועט ער קאָנען עפּעס פון די זאַכן פאַרקויפן, אָדער אויסבייטן אויף נערונגס־מיטלען.

אין דער נאַכט זענען מיר געוואָרן נאָך שטאַרקער באַוואַכט. דער געטאָ האָט אָנגעהויבן זיך בונטעווען. מען האָט צוגעגרייט בענזין און נאַפט כדי אונטערצינדן דעם געטאָ ווען ס׳וועט ווערן פינסטער. ס׳איז אָבער דערצו נישט געקומען. דער יודנראַט האָט נאָך אַלץ געגלויבט, אַז ס׳וועט גאָרנישט פאַסירן און האָט געזאָרגט אַז אַלץ זאָל זיך האַלטן אין דער בעסטער אָרדנונג.

צומאָרגנס האָבן די דייטשן צוזאַמען מיט די אוקראַינישע מערדער ווידער גענומען ציילן. דאָסמאָל שוין לויטן אַלפאַבעט. אַלע וואָס האָבן געהערט צו די ערשטע בוכשטאַבן זענען גערופירט געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן דורך דער וואַך אויף דעם פּלאַץ אויסער דער שטאָט, וועלכער איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָטן. אויפן וועג צו דעם פּלאַץ האָבן די מערדער געשאָסן פיל מענטשן. איך האָב געהערט צו די לעצטע בוכשטאַבן און מיר איז שוין אויסגעקומען אַרויסגיין פון געטאָ אויף דעם 2־טן טאָג. גייענדיק צום פּלאַץ האָב איך אויפן וועג געזען פיל הרוגים, וועלכע די אוקראַינער האָבן אַרויפגעלייגט אויף די וואָגנס און אַוועקגעפירט צו צוגעגרייטע גריבער. קומענדיק אויפן פּלאַץ האָבן מיר געטראָפן פיל יידן פון דער אומגעגנט.

באַלד נאָכדעם האָבן די דייטשן פאַרשלאָסן די דראָטן. מיר זענען געווען בערך 18 טויזנט מענטשן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע מהומה. אַ סך מענטשן האָבן זיך געזעגנט איינער מיטן צווייטן, אַנדערע האָבן געזאָגט וידוי און געשריגן „שמע ישראל". איך האָב פאַר־לאָרן מיינע נאָענטע און נישט געוווּסט וואָס טוט זיך מיט מיר.

פּלוצלונג האָב איך באַמערקט, אַז דער צוים איז צעשטערט און מענטשן שפּאַרן זיך צו אַנטלויפן. איך בין באַלד געלאָפן זוכן מיין משפּחה און באַקאַנטע בכדי זיי רופן צו אַנטלויפן, אָבער ווען מיר זענען צוגעלאָפן צום אָרט האָבן מיר שוין געפונען פיל טויטע פון די שיסערייען, וואָס די דייטשן און אוקראַינער האָבן אָנגעהויבן.

פון די שיסערייען און גראַנאַטן זענען געפאַלן הונדערטער מענטשן טויטע און נאָך מער פאַרוווּנדעטע. ווען די שיסעריי איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, האָט זיך אַנטדעקט אַ שרעקלעך בילד: מענטשן זענען געלעגן צוריסן אויף שטיקלעך. אברים זענען געווען פאַרשפּרייט אויפן שטח. צווישן די פאַרוווּנדעטע האָב איך געפונען מיין פאָטער, וועלכער האָט געגוסס׳ט. די מאַמע איז שוין געווען טויט.

באַלד נאָכדעם האָבן די מערדער גענומען טרייבן גרופּן מענטשן צו די גריבער. דאָ האָבן זיי געהייסן זיך אויסטאָן און אַריין אין גרוב, און דאָרט האָבן די מערדער זיי רייענווייז אויסגע־שאָסן. ווען ס׳איז געקומען מיין ריי איז די צווייטע גרוב שוין געווען כמעט פול. איך בין געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ לויטן באַפעל. ס׳איז נאָך געווען פאַרבליבן צו שיסן אַ ריי, האָבן זיי אָפּגעשטעלט ברענגען נאָך מענטשן, ווייל די גריבער זענען געוואָרן איבערפולט.

ווייזט אויס, אַז איך בין געווען פאַרחלשט און כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. ווען איך בין געקומען צו זיך האָב איך דערזען, אַז איך בין אינגאַנצן פאַרבלוטיקט. איך האָב גענומען זיך אַרומטאַפּן צי איך בין נישט פאַרוווּנדעט. דערווייל איז געוואָרן טונקל און די מערדער זענען אַוועק איבערלאָזנדיק צוויי זעלנער אויף דער וואַך. איך בין צוגעגאַנגען צום באַרג קליידונג, גענומען אויף זיך אַ שמאַטע און זיך געלאָזן גיין צוריק צו די דראָטן. איינער פון די זעלנער האָט געזאָגט דעם צווייטן: „זע וואָס זי טוט". דער צווייטער האָט געענטפערט: „לאָז איר גיין ווו זי וויל". איך בין צוריק געקומען אויפן פּלאַץ. דאָ האָב איך געפונען מיין מומע, דעם פעטער יאָסל׳ס פרוי. מיר זענען ביידע געלעגן נעבן פּלויט.

## אַ דייטש ראַטעוועט מיך

ליגנדיק אַזוי נעבן די דראָטן האָב איך פּלוצלונג דערפילט, אַז מען שלעפּט מיך פאַרן צאָפּ. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען אַ דייטש אויף דער צווייטער זייט פון די שטעכל־דראָטן. ער האָט מיך געפרעגט צי בין איך די קליינע פרידאַ, וועלכע האָט געאַרבעט ביי דעם געביטס־קאָמיסאַר. ווען איך האָב געענטפערט, אַז דאָס בין איך, האָט ער מיר פאַרגעלייגט מיך צו ראַטעווען. איך האָב אים נישט געוואָלט גלויבן, ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט מיר איינ־רעדן, אַז איך זאָל אים גלויבן אַז ער מיינט עס ערנסט. די מומע האָט אויף מיר אָנגעשריגן: גיי, וואָס האָסטו צו פאַרלירן! איך האָב איינגעשטימט און דער דייטש האָט גענומען אויספירן זיין פּלאַן.

דער דייטש האָט געהייסן פאַול רעדינגער פון קעלן. דער דייטש האָט דריי מאָל פאַרזוכט מיך אַדורכפירן דורך דעם קאָרידאָר פון דעם הויז אין וועלכן די ס.ס־מערדער זענען געזעסן צוזאַמען

מיט זייערע מיטהעלפער די אוקראַינער. אויפן פערטן מאָל איז אים געלונגען מיך אַרויספירן און צולויפן צום צווייטן דייטש, מיט וועלכן ער האָט געהאַט אָפּגערעדט ער זאָל אים העלפן. יענער איז געלעגן נעבן אַ בוים מיט אַ מאַשין־געווער און באַוואַכט דעם פּלאַץ. אַרויסגייענדיק פון פּלאַץ האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויפן פּאַטראָל. ווען דער דייטש האָט דערזען, אַז ס׳איז שלעכט, האָט ער מיך אומגעוואָרפן נעבן צווייטן דייטש און צוגעדעקט מיט זיין מאַנטל. דער פּאַטראָל האָט גאָרנישט באַמערקט, און נאָכן קאָנטראָלירן דעם אָרט זענען זיי אַוועק.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט מיך דער דייטש אָפּגעפירט אין אַ זייט און איבערגעלאָזן. איך בין געבליבן זיצן אַליין אונטער אַ בוים. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן ליכטיק ווערן, האָב איך געמוזט באַשליסן עפּעס צו טאָן. נישט ווייט פון דאָרט איז געווען אַ שטוב פון אַ באַקאַנטער פּאָלקע. איך בין צוגעגאַנגען צו דער שטוב און האָב אָנגעהויבן רופן שטילערהייט מען זאָל מיר עפענען די טיר. ווען די פרוי האָט מיך באַמערקט, האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקן און אָנגעהויבן פאַרלאַנגען איך זאָל גלייך אַוועק פון איר. זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט מיך נישט איבערגעבן. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב נישט וווּ צו גיין און האָב נישט קיין ברירה. נישט ווייט פון דעם אָרט זענען געווען גרויסע הייזער אָדער קאַזאַרמעס. די פרוי האָט געוווּסט פון אַ קעלער פול מיט וואַסער. זי האָט מיך דאָרט אַריינגעפירט און אַריינגעשטופּט אין וואַסער אַריין. איך בין געבליבן שטיין אין וואַסער ביז איבער די ברוסט.

אינדערפרי האָט דער דייטש אָנגעהויבן מיך זוכן. די פּאָלקע האָט דאָס באַמערקט און מיט די אויגן האָט זי אים אָנגעוויזן ווו איך בין. ווען ער האָט איינגעזען מיין צושטאַנד, האָט ער גענומען שעלטן די מערדער. איך האָב נישט געוואַגט אַרויסגיין פון וואַסער. אַזוי בין איך דאָרט געבליבן גאַנצע 24 שעה. דער דייטש האָט מיר געבראַכט זיין פּאָרציע ברויט און עס מיר דערלאַנגט אויף אַ ברעט.

נאָך עטלעכע טעג פון פּיין, האָב איך מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און האָב געזאָגט מיין רעטער, אַז איך וויל אַרויס נישט געקוקט אויפן געפאַר. דער דייטש האָט ווידער גענומען מיר איינרעדן איך זאָל וואַרטן ביז ער וועט עפּעס צוקלערן. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו ברענגען קליידער און זען עפּעס פאַרצונעמען בכדי איך זאָל קאָנען אַרויס.

צוויי טעג שפּעטער איז דער דייטש געקומען מיט נאָך אַ זעלנער. ער האָט מיר געבראַכט אַ קליידל און געזאָגט איך זאָל זיך אָנטאָן. דערנאָך האָט ער מיך גענומען אונטער איין אָרעם און דער צווייטער אונטערן צווייטן און מיר זענען אַרויס אין גאַס. גייענדיק האָבן מיר אָנגע־טראָפן מיין קוזינע. די דייטשן האָבן זיך פאַרטיילט. איינער האָט מיך באַגלייט, און דער צווייטער — מיין קוזינע. מיר האָבן זיך געלאָזן גיין צו אונדזער באַקאַנטער פּאָלקע. נישט ווייסנדיק גענוי ווו די פּאָלקע וווינט, האָב איך אָנגעפאַנגען רופן איר נאָמען. צו אונדזער גליק האָט זי זיך אָנגערופן און געעפנט די טיר. די דייטשן האָבן אונדז איבערגעלאָזן אַליין, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז די פּאָלקע וועט פאַר זיי מורא האָבן און וועט נישט וועלן אונדז אַריינ־לאָזן אין שטוב.

מיט דער פּאָלקע האָט צופעליק פּאַסירט יענעם טאָג אַ צופאַל, וואָס האָט איר געבראַכט צום באַי לוס צו טאָן עפּעס מענטשלעכעס.

זי האָט געהאַט צוויי קליינע קינדער און אַליין איז זי אויך געווען קראַנק און גענויטיקט זיך אין מעדיקאַמענטן. דערצו האָט זי געדאַרפט דערנערן 5 מענטשן. אין דער לאַגע האָט אונדז

געפונען דער דייטש ווען ער איז געקומען צומאָרגנס זען וואָס מיט אונדז האָט פּאַסירט. ער האָט אויסגענוצט די נויט פון דער פּאָלקע און איר פאָרגעלייגט זיין הילף מיטן באַדינג, אַז זי זאָל זען גוט אָפּהיטן די צוויי יידישע מיידלעך. די פּאָלקע האָט איינגעשטימט און דער דייטש האָט אונדז געבראַנגט לעבנסמיטלען.

מיר האָבן זיך געמאַכט אַ באַהעלטעניש אין קעלער, און אַ געוויסע צייט האָט קיינער נישט געוווסט פון אונדזער עקזיסטענץ. די פּאָלקע האָט אָבער ליידער זיך פאַרטרויט פאַר אַ שכנה, און די האָט דערציילט אַ צווייטער. די לעצטע האָט אָנגעהויבן העצן קעגן אונדז און פאַר־לאַנגען, אַז די פּאָלקע זאָל אונדז אַרויסגעבן. די פּאָלקע איז אַוועק צום גלח און אים אַלץ דערציילט. דער גלח איז געקומען אונדז באַזוכן, האָט אונדז מיטגעהאָלפן, און דאָס וויכ־טיקסטע — ער האָט אויסגעווירקט, אַז די העצענישן פון די שכנות זאָלן אויפהערן.

די לאַגע האָט זיך אָבער געענדערט צום שלעכטן. אונדזער דייטש איז אַוועק אויפן פראָנט. ער האָט איבערגעגעבן זיינעם אַ פריינט, אַ צווייטן דייטש, אַז ער זאָל אונדז ווייטער העלפן מיט עסנוואַרג, אָבער דער האָט דאָס נישט אויסגעפילט. די פּאָלקע האָט נאָך באַוויזן אַריבער־ברענגען אַביסל זאַכן פון אַ באַהעלטעניש אין אונדזער שטוב אין געטאָ. זי האָט זיי אויסגע־טוישט אויף עסנוואַרג, אָבער דאָס האָט געקלעקט נאָר אויף אַ קורצער צייט.

## אין באַהעלטענישן

מיר האָבן געהאַט אַ באַקאַנטע פּוילישע פאַמיליע וואָיטשעכאָווסקי אין אַ דאָרף נעבן סאַרני. מיין פאָטער האָט ביי זיי איבערגעלאָזן פיל זאַכן צו באַהאַלטן. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן באַזוכן די פאַמיליע און פאַרזוכן באַקומען אַביסל פּראָדוקטן. אין אַ זונטיק האָבן מיר זיך געלאָזן גיין אין דעם דאָרף. גייענדיק האָבן מיר באַגעגנט צוויי פּויערים. איינער פון זיי האָט באַמערקט, אַז עס דוכט זיך אים, אַז איך בין יאַנקלס שוועסטער. זאָגט דער צווייטער: זאָלן זיי גיין מיט גאָט.

אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען זייער מיד צו דעם באַקאַנטן פּויער. צומאָרגנס האָב איך דערציילט דער פּויערטע נאָך וואָס מיר זענען צו זיי געקומען. זי האָט מיך אויסגעהערט און געזאָגט, אַז די זאַכן וועט זי מיר נ׳שט צוריקגעבן, אָבער זי וועט מיר אויסצאָלן זייער ווערט מיט עסנוואַרג. איך האָב נאַטירלעך איינגעשטימט. זי האָט אונדז מיטגעגעבן פאַרשידענע פּראָדוקטן און אונדז אַרויסגעפירט אויפן וועג. דער וועג אויף צוריק איז געווען זייער ריזי־קאַליש, ווייל יעדער פּויער האָט אונדז געקאָנט דערקענען און אויסגעבן.

כמעט אַ יאָר זענען מיר געווען ביי דער פּוילישער פרוי אין שטאָט, ביז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מאַכן אָפטע רעוויזיעס. ס׳איז געוואָרן אוממעגלעך אויף דעם אָרט ווייטער צו בלייבן. מיר האָבן באַשלאָסן זיך ווענדן צו אונדזער באַקאַנטן פּויער ער זאָל אונדז נעמען צו זיך. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער פּויער געקומען מיט אַ פור היי, אונדז באַהאַלטן אונטער דעם היי און געבראַכט צו זיך אין דאָרף. איך בין געבליבן אַרבעטן ביי די וואָיטשעכאָווסקיס און מיין קוזינע — ביי אַ שכן.

צום סוף איז אין דאָרף אויך געוואָרן אומרואיק. די אוקראַינער האָבן אָנגעהויבן באַפאַלן די פּאָלאַקן, אויך די פּאַרטיזאַנער האָבן נישט געלאָזט צורו. גאַנצע דערפער זענען געוואָרן אויסגעהרגעט און צערויבט. יעדן טאָג האָבן מיר זיך געריכט אויף אַן איבערפאַל פון די

אוקראַינער, דעריבער זענען מיר ביינאַכט נישט געבליבן שלאָפן אין שטוב, נאָר געגאַנגען זיך באַהאַלטן אין וואַלד. יעדן אינדערפרי פלעגן מיר צוריקקומען צו דער אַרבעט.

נאָך איידער די אוקראַינער זענען אָנגעפאַלן אויפן דאָרף מאַלושקי, ווו מיר זענען געווען, האָבן זיי דערמאָרדעט דעם זון פון אונדזער בעל־הבית. זיי האָבן אים געהרגעט אין פעלד און צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס צו אַ בוים. די פּויערים האָבן פאַרשטאַנען וואָס עס וואַרט אויף זיי און האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף און זיך עוואַקואירן קיין פּוילן. זיי האָבן אונדז פאָרגעלייגט מיטגיין מיט זיי, אָבער מיר האָבן נישט געוואָלט.

ווען די פּאָלאַקן זענען אַוועק, איז פאַר אונדז געבליבן נאָר איין אויסוועג — צו דערלאַנגען זיך צו די יידישע פאַרטיזאַנער אין וואַלד. אָבער וויאַזוי מאַכט מען דאָס? ס׳איז געווען אַ געפאַר אַריינצופאַלן אין די הענט פון די אוקראַינישע באַנדעס. גייענדיק צום וואַלד זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען נעבן אַ כוטאָר פון פּוילישע פּויערים. איינער פון זיי האָט אונדז געפרעגט צי זענען מיר די, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די וואָיטשעכאָווסקיס. ער האָט פאָרגעלייגט מיר זאָלן פאַרבלייבן ביי אים. מיר האָבן מסכים געווען. אויך דאָ זענען מיר געבליבן נאָר צוויי מאָנאַטן. אויך דאָ זענען די אוקראַינער אָנגעפאַלן אויפן דאָרף, אונטערגעצינדן די הייזער און שטאַלן, אַוועקגערויבט די בהמות און אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט מיטנעמען. אונדזער פּויער איז געבליבן לעבן, אָבער ער האָט שוין נישט געקענט פאַרבלייבן אויפן אָרט און האָט אויך באַשלאָסן זיך אַוועקלאָזן קיין פּוילן. מיר האָבן אים געבעטן ער זאָל אונדז העלפן זיך דערלאַנגען צו די יידישע פאַרטיזאַנער. ער האָט אונדז באַהאַלטן אין אַ סטייגל היי און אַליין אַוועק זיך טרעפן מיט די יידן אין וואַלד. דעם צווייטן טאָג אין אָוונט איז ער צוריקגעקומען, געבראַכט אַביסל עסנוואַרג פאַר אונדז, דערנאָך אונדז אַרויסגעפירט אויפן וועג און אָנגעוויזן די ריכטונג אין וועלכער מיר זאָלן גיין. מיר זענען געגאַנגען נישט וויסנדיק וווהין. נאָך אַ פּאָר שטונדן האָבן מיר דערהערט קולות. מיר האָבן אָנגעהויבן רופן צו זיי, און צו אונדזער גליק האָט זיך אָפּגערופן אַ ייד. דאָס איז געווען אברהם דער בלעכער, אונדזער שכן פון סאַרני. ער האָט אונדז גלייך דערקענט און אַרויסגעשלעפּט פון דער בלאָטע אין וועלכער מיר זענען פאַרקראָכן.

## אין וואַלד

די ערשטע שעהן זענען מיר געווען גליקלעך, אָבער באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. לעבנס־מיטלען איז געווען שווער צו באַקומען, ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אָנפאַלן פון אוקראַינישע באַנדעס, ס׳עזנען געפאַלן קרבנות.

איינמאָל זענען עטלעכע יונגע מיידלעך, צווישן זיי אויך מיין קוזינע, אַוועק אין דעם נאָענטן דאָרף, כדי צו זוכן עטוואָס עסן און אביסל זאַלץ. זיי האָבן נאָר וואָס באַוויזן אַריינגיין צו אַ פּויער אין שטוב, ווי ס׳האָבן זיך באַוויזן אוקראַינער באַוואָפנטע מיט מאַשין־ביקסן, און האָבן באַפוילן אַלע זאָלן זיך לייגן אויפן באָדן. זיי האָבן צוערשט דערשאָסן דעם פּויער שילטנדיק „פּראָקליאַטי לאַך”. נאָכדעם האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן אין אַלע ריכטונגען. מיין קוזינע איז צוויי מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן און געשטאָרבן.

און ווידער זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די אוקראַינער. דאָסמאָל האָבן זיי פּלאַנירט אונדז אַלעמען אויסמאָרדן. אָבער צוליב אַ צופעליקן טעות צווישן צוויי טיילן פון די מערדער, איז אונדז געלונגען זיך ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט.

די מערדער האָבן גענומען פאַרהאַנדלען מיט אונדז דיפּלאָמאַטיש. זיי האָבן אונדז פאָרגעלייגט אַריבערגיין צו זיי אין דאָרף, אַרבעטן פאַר זיי און אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג. זיי האָבן איינגעשטימט צו וואַרטן צוויי טעג אויף אַן ענטפער. כּ׳זיי צו געווינען צייט, האָבן מיר באַשלאָסן פאַרצווזעצן די אונטערהאַנדלונגען. מיר האָבן געשיקט צוויי מענטשן, וועלכע זאָלן זיך פאַרבינדן מיט אונדזערע נייע „פריינט״. אויפן וועג האָבן אונדזערע שליחים באַגעגנט אַן אַלטן פויער. ווען ער האָט געהערט וווהין זיי גייען, האָט ער זיי געוואָרנט זיי זאָלן נישט וואַגן גיין ווייטער, ווייל זייער סוף וועט זיין טויט. ער האָט זיי אויך געזאָגט, אַז די רוסישע אַרמיי איז שוין גאַנץ נאָענט. די 2 יידן האָבן זיך צוריקגעקערט צו אונדז מיט דער בשורה.

דערווייל אָבער איז די נויט געוואָרן שטאַרקער און מיר האָבן געמוזט זוכן אַ נייַ באַהעלטעניש. מיר האָבן אויסגעקליבן אַ נייַ אָרט און זיך אַריבערטראַנספּאָרטירט. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן קעלטן, און דער שניי האָט אונדז צוגעדעקט. 8 טעג האָבן מיר זיך נישט גערירט פון אָרט. אָבער ווען ס׳איז געוואָרן אַ געפאַר פון אויסשטאַרבן פון הונגער האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו דערוויסן וואָס ס׳הערט זיך. 2 יידן האָבן זיך געלאָזן צום נאָענטן דאָרף. ווען זיי זענען אַריין צו אַ פויער אין שטוב, האָבן זיי דערזען דאָרט 2 רויטאַרמייער. פון גרויס פרייד זענען זיי צוגעפאַלן צו די רוסן און אָנגעהויבן זיי קושן די פיס.

ערשט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער נייער טרויער און געוויין. יעדער פון אונדז האָט זיך געמאַכט דעם חשבון מיט וועמען ער איז פאַרבליבן און צו וועמען קען ער זיך ווענדן.

## צוריק אין סאַרני

ווען איך בין געקומען צוריק קיין סאַרני, האָב איך דאָרט קיין יידן נישט געטראָפן. מיין ערשטער באַזוך אין אַ שטוב פון אַ פוילישער פאַמיליע איז געווען נישט קיין פריינטלעכער. זיי האָבן מיך נישט אַריינגעלאָזן אין שטוב נעכטיקן. די ערשטע נאַכט האָב איך פאַרבראַכט אינדרויסן. אויפצומאָרגנס האָב איך געפונען אַ פוילישע פרוי, וועלכע האָט מיר דערלויבט ביי איר איבערנעכטיקן.

שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ יידישער פרוי פון וואַרשע, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין סאַרני, און מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט צוזאַמען. נאָכדעם האָב איך זיך געטראָפן מיט די צוויי שוועסטער בורקאַ, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי שטונדיסטן, און ס׳איז געוואָרן אַביסל היימלעכער. צוביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקקערן אייניקע יידן פון די וועלדער ווי אויך פון רוסלאַנד. די מיליטער־פּעיקע מענער זענען באַלד מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי.

די שטאָט איז באָמבאַרדירט געוואָרן טאָג־טעגלעך. מיר האָבן געגלויבט, אַז אונדזער לאַגע וועט זיך ענדערן צום גוטן, אָבער די נ.ק.וו.ד. האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז ס׳זאָלן אונדז נישט פעלן קיין צרות. זיי האָבן אָנגעהויבן אויספאָרשן וויאַזוי איך בין געבליבן לעבן. ס׳איז זיי שווער געווען צו גלויבן אין דער געשיכטע פון מיין רעטונג דורך אַ דייטש. מיט גרויס מי איז מיר געלונגען די זאַך צו פאַרווישן.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן מיין ברודער. ווען מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן, האָבן מיר צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידן זיך גענומען קלייבן אין וועג קיין פוילן. אין אַ קורצער צייט איז אונדז געלונגען צו פאַרלאָזן סאַרני, און אין זומער 1945 זענען מיר אָנגעקומען קיין לאָדזש.

אין יאָר 1946 איז געקומען אין לאַגער אַן ענגליש־אַמעריקאַנישע קאָמיסיע צו פאָרשן וווהין די יידן ווילן פאָרן. איך און אהרן קאַנאַניץ, אַן אינוואַליד פון דער פּוילישער אַרמיי פון סאַרנער געגנט, האָבן זיך געשטעלט פאַר דער קאָמיסיע אַנגעטאָן אין אונדזערע אוניפאָרמען און דעקאָרירט מיט אויסצייכנונגען פון קריג.

מיר האָבן זיי געוויזן דעם בית־יתומים און איך האָב זיי דערקלערט, אַז די קינדער ווילן פאָרן קיין ארץ־ישראל. דער אַמעריקאַנער אָפיציר האָט געזאָגט, אַז די קינדער קאָנען פאָרן קיין אַמעריקע, און בכלל ווער בין איך וואָס איך זאָל דעצידירן וווהין די קינדער זאָלן פאָרן. איך האָב אים אָנגעוויזן אויף די קינדער און דערקלערט, אַז אין יאָר 1943, ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין מינימאַלע עקזיסטענץ און לעבן־זיכערקייט, האָב איך פאַר זיי געזאָרגט, און דעריבער האָב איך די רעכט פון אַ פאָטער.

סוזיקל האָט זיך אויך אָנגערופן און געזאָגט, אַז נישט נאָר אונדז האָבן די פּאַרטיזאַנער געראַטעוועט פון זיכערן טויט, נאָר אויך נאָך פיל הונדערטער אַזעלכע ווי מיר האָבן צו פאַרדאַנקען זייער לעבן די פּאַרטיזאַנער. ווען דער אַמעריקאַנער האָט דאָס דערהערט, האָט ער סאַלוטירנדיק מיר געדריקט די האַנט און מער נישט געזאָגט קיין וואָרט. איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט אַלץ איבערגעגעבן דעם ענגלענדער, וועלכער האָט זיכער געטראַכט, אַז פאַר זיי וואָלט געווען בעסער ווען אַזעלכע ווי איך וואָלטן נישט אַריין קיין ארץ־ישראל.

צבי אָלשאַנסקי

# א דאקטאר אין וואלד

אין אָנהויב פון צווייטן וועלט־קריג בין איך אַלס דאָקטאָר געקומען פון פּוילן קיין סאַרני. דער סאַרנער „ראַיזדראַוו" האָט מיך געשיקט קיין קאַראַסין צו היילן די דאָרטיקע באַפעלקערונג. דאָרט האָב איך געטראָפן אומגעפער 2 צענדליק יידן, וועלכע האָבן עקאָנאָמיש נישט שלעכט געלעבט. .

נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן, האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע צייטן. ווען די דייטשן האָבן געצוווּנגען די יידן צו פאַרלאָזן קאַראַסין און זיי געבערענגט אין סאַרנער געטאָ, בין איך געווען געצוווּנגען צו בלייבן אין קאַראַסין און היילן די דאָרטיקע באַפעלקערונג. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך און מיין פרוי און זון, אין עלטער פון 14 יאָר, באַקומען אַ באַפעל צו קומען קיין סאַרני. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן פון מיר, ווייל אין דער זעלבער צייט האָבן מיר די דייטשן געשיקט 3 קאַסטנס מיט פאַרשידענע היילמיטלען, און פּלוצלונג פאַרלאַנגען זיי איך זאָל מיט דער פאַמיליע אין סאַרנער געטאָ קומען. נאָך אַ קורצער באַראַטונג איז געבליבן איך אַליין זאָל פאָרן און זיך דערוויסן וואָס זיי פאַרלאַנגען פון מיר.

צומאָרגנס נאָכן באַפעל האָב איך גאַנץ פרי זיך געלאָזט אין וועג קיין סאַרני. דער פערד האָט זיך געשלעפּט גאַנץ לאַנגזאַם. נישט ווייט פון דאָרף קאָרפּילעווקע האָט געפּלאַצט אַ ראָד. מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט אין דאָרף אַריין. דאָ איז דער פורמאַן געבליבן צו פאַריכטן דעם ראָד און איך האָב זיך געלאָזט גיין צופוס קיין סאַרני. ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט און איך בין איינזאַם זיך געגאַנגען. פּלוצלונג האָט מיך געטראָפן אַ קריסט פון קאַראַסין און מיך געפרעגט וווהין איך גיי. איך האָב געענטפערט, אַז איך גיי קיין סאַרני. האָט ער מיר די

טרויעריקע בשורה אָנגעזאָגט, אַז אַלע יידן פון סאַרני און אומגעגענט זיינען היינט אויסגע־מאָרדעט געוואָרן. עס איז מיר נאָר געבליבן צוריק צו גיין קיין קאַראַסין, אָבער דאָס איז געווען נישט אַזוי לייכט. דער וועג איז מיר געווען נישט באַקאַנט און דערצו זע איך שלעכט. נאָך אַ סך בעטן זיך ביי דעם קריסט האָט ער באַשלאָסן איך זאָל פונדערווייטנס אים נאָכגיין. ער האָט מורא געהאַט מיט מיר צוזאַמען צו גיין, ווייל אויב די דייטשן וועלן אונדז טרעפן, וועלן זיי אונדז צוזאַמען אומברענגען. אויפן וועג איז אונדז באַפאַלן אַ קאַרפּילעווקער באַנדיט און האָט צוגענומען מיין גאַנצע קליידונג און מיך געלאָזט נאַקעט. אַ ביסל ווייטער האָבן מיר זיך געטראָפן מיט שמעון פאיקאָוו, אַ נאַקעטער, די האַנט אַדורכגעשאָסן, לויפנדיק פון די גריבער.

אַזוי האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז קאַראַסין. שמעון האָט באַקומען פון מיין פרוי און זון די געהעריקע הייל־מיטלען, מיין פרוי האָט געדינט אַלס קראַנקן־שוועסטער און דער זון אַלס קראַנקן־ברודער. מיר האָבן איבערגענעכטיקט אין מיין הייל־פּונקט און באַלד אין דער פרי האָבן מיר זיך געלאָזט אין וואַלד אַריין. אין וואַלד האָבן זיך אָנגעהויבן יידן צוביסלעך צונויפ־קלייבן. ביז ראש־השנה איז שוין געווען אַ צאָל יידן. מיר האָבן ראש־השנה געדאַוונט אין אַ מנין אויף אויסנווייניק. ווייט אין וואַלד האָט אַ טרויעריקער עכאָ אָפּגעקלונגען. יום־כּיפּור ביינאַכט נאָכן דאַוונען איז געווען שרעקלעך קאַלט. ס'איז געוואָרן אוממעגלעך צו בלייבן אין וואַלד. אונטער אַ סטאָג היי האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן פון דער קעלט. די קעלט האָט אונדז געצוווּנגען אויסצובויען סוכות פון צווייגן, אין טיפן גרוב, אויף וואַסער. פאַרשטייט זיך, אַז זשאַבעס האָט דאָרט נישט געפעלט.

אַזוי האָבן מיר געלעבט אַ געוויסע צייט, אייניקע פון אונדז האָבן באַקומען געווער, און מיט שמעון פאיקאָוו און יוסף אָלשאַנסקי בראש האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ קליינע גרופּע פּאַרטיזאַנער. די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין דער סביבה האָבן מיך פון צייט צו צייט גענומען זיי צו היילן. אַזוי האָבן מיר באַקומען שפּייז.

אין אַ געוויסער נאַכט איז הערשל בורקא געבראַכט געוואָרן אין וואַלד אַ דורכגעשאָסענער אין ברוסט און אין בויך. די ווונדן זענען געווען זייער ערנסטע און הייל־מיטלען האָבן געפעלט. דאָך אַ דאַנק דער גוטער פלעגונג פון מיין פרוי און זון איז ער געבליבן לעבן.

ווינטער האָבן מיר שטאַרק געליטן פון קעלט, און די אומסאַניטאַרע באַדינגונגען האָבן זייערס געטאָן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טיפוס־עפּידעמיע. 17 פּערזאָן זענען קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס, און מער האָבן מיר נישט געקאָנט בלייבן אין וואַלד. צום גליק האָבן מיר געפונען אין אַ ווייטן כוטאָר אַן איינזאַמע כאַטע, וואָס זומער האָט זי געדינט פאַר פּאַסטוכער, האָבן מיר דאָרט אַהין געברענגט די קראַנקע. צווישן זיי זענען געווען: בערל ביק מיט זיין איצטיקער פרוי ליוּושע און אירע 3 זין, קאָסעל, פרוי פּערל מיט אירע 3 טעכטער און אַנדערע. אין אַ ווייטן כוטאָר זענען אין אַ שייער געלעגן יוסף וואָלף מיט פּיניע בורקא אין זייער אַ שרעקלעכן צושטאַנד. קיין הייל־מיטלען האָבן מיר נישט געהאַט און דאָך זענען אַלע גע־בליבן לעבן.

אין אַ געוויסער נאַכט האָט דער באַוווּסטער פּאַרטיזאַן "דיאַדיאַ מישאַ" געבראַכט צו מיר אַ יידיש מיידל, אַניאַ — חנה, וועלכע די דייטשן האָבן שרעקלעך פאַרוווּנדעט. דער גאַנצער אונטערשטער טייל פון בויך איז געווען אַדורכגעריסן. מיט וואָס צו היילן איז נישט געווען.

עס איז מיר נאָר געבליבן אַליין צוזאַמענשטעלן אַ זאַלב, וועלכע איז זיכער אין דער פאַרמאַ־קאָלאָגיע נישט פאַראַן, דאָך איז דאָס מיידל געבליבן לעבן.

אין אַ צייט שפּעטער בין איך אָנגעקומען מיט מיין פרוי און זון אין אַ פאַרטיזאַנער אָטריאַד, ווו איך און מיין פרוי האָבן דערלאַנגט מעדיצינישע הילף. מיין יונגער זון טאַדעק האָט געדינט אַלס גוטער וועג־ווייזער פאַר די פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, ווייל ער האָט זיך אין די וועלדער גוט אָריענטירט. זיי האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „ליעסנאָי גאָלאָס". ער האָט אויך געדינט אַלס גוטער מיטהעלפער אין אויפרייסן דייטשע צוגן.

נאָכדעם ווי דער אָטריאַד איז דורך די דייטשן צוקלאַפּט געוואָרן און מיר האָבן על פי נס געלונגען זיך צו ראַטעווען, זענען מיר, פאַרנדיק קיין אַלעווסק, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ באַנדע בולבאָוועצעס און ווידער נאָר על פי נס געראַטעוועט געוואָרן.

דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1944. איצט געפין איך זיך אין ישראל.

**ד"ר חנן וויינבערגער**

# אומגעקומענע און געראַטעוועטע

דעם 12־טן אויגוסט 1942 — דער טאָג פון דער גרויסער שחיטה איבער די יידן פון סאַרני, דאָמבראָוויץ און בערעזשניץ — זענען אַ סך יידן אַנטלאָפן פון די גריבער. זיי זענען געלאָפן אין צוויי ריכטונגען. די וואָס זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון די דערפער ליוכטש און גלושיץ זענען אומגעקומען דורך די אוקראַינישע און דייטשע מערדער, און די וואָס זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון קאַראַסין, ווו עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען פאַרטיזאַנער, זענען ניצול געוואָרן. אין דעם טאָג פון דער שחיטה איז דער שמש פון דער בערעזנער שול, ר' מענדל פורמאַן, אַנטלאָפן פון די רוצחים טראָגנדיק מיט זיך אַ ספר־תורה. די רוצחים זענען אים נאָכגעלאָפן און האָבן אים דערהרגעט אויף דער באַרמאַצקע גאַס און זיין בלוט האָט פאַרגאָסן דעם ספר. דער ספר געפינט זיך איצט ביי די יידן אין סאַרני. דעם ספר האָט אָפּגעגעבן די יידן די איידעלע פוילישע פרוי סטודזשינסקאַ אַניאַ. די זעלבע פרוי האָט ביי זיך אויס־באַהאַלטן אַ יידישע קראַנקן־שוועסטער חיליאַ זלאָטאָגורסקאַ, וועלכע האָט אַליין מיר וועגן דעם דערציילט.

לויט ווי איך האָב געהערט פון אַ געוויסער פּערזאָן, האָט דער הויכגעשעצטער און באַליבטער פון דער יידישער באַפעלקערונג הרב העכטמאַן, נאָך דער סאַרנער שחיטה, זיך באַהאַלטן נאָך 6 וואָכן. דערנאָך האָבן די אוקראַינישע רוצחים אים געכאַפּט און געפירט איבער דער שטאָט און צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אים בעסטיאַליש דערמאָרדעט.

אויך אַ רוסישע פרוי ניקיטשאַק עוואַ אויפן כוטאָר ראַדזשיעזש האָט באַהאַלטן ביי זיך אַ יידיש יינגל און אַ מיידל, די קינדער פון דער משפחה וואַקס פון דער פּאָליעסיער זייט. אויך פרוי אַנאַטשקיעוויטש אין סאַרני האָט אויסבאַהאַלטן און געראַטעוועט דאָס לעבן פון דער פרוי לאה טייך, וועלכע געפינט זיך איצט אין לאַנד.

די אומגעקומענע קדושים פון סאַרני ליגן אין דריי ברידער־קברים: צוויי — איינער נעבן אַנדערן, אין זיי געפונען זיך מייסטנס יידן פון דאָמבראָוויץ און בערעזשניץ, דער דריטער ברידער־קבר געפינט זיך 200—300 מעטער ווייטער פון די צוויי, אין דעם קבר, לויט אינפאָר־

מאַציעס, געפונען זיך בלויז יידן פון סאַרני. די דייטשע און אוקראַינישע רוצחים האָבן רואי־נירט דאָס יידישע הייליקע אָרט און פון די מצבות געמאַכט אַ טראָטואַר ביי דעם שטאָטישן שפּיטאָל.

קומענדיק צוריק פון דער עוואַקואַציע קיין סארני האָב איך מיט דער הילף פון אַלע יידן אין סארני די אַלע מצבות איבערגעפירט אויף די דריי ברידער־קברים.

אַ דאַנק דער גרויסער און אנגעשטרענגטער אַרבעט און מי פון צוויי פּאַרטיזאַנער, מאיר וואָלקון און יוסף וואָלף, זענען די קברים געבראַכט געוואָרן אין אָרדנונג און פּאַרצעמענטירט געוואָרן מיט אויפשריפטן פון עברית און רוסיש. דערנאָך, מיט דער באַשטייערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, זענען די דריי ברידער־קברים און אויך דאָס הייליקע־אָרט אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַן אייזערנעם פּלויט. אַרום די ברידער־קברים זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן ביימער.

צום באַדויערן זענען די פּלויטן שוין כמעט אין גאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן, איבערהויפּט דורך די שילער פון דער אוקראַינישער מיטל־שול מיט דער דערלויבעניש פון דירעקטאָר פון דער שול.

דעמטשענקאָ, דער שול־דירעקטאָר, האָט אויף מיין ביטע אַז ער זאָל די שילער נישט דערלויבן רואינירן דעם פּלויט פון די ברידער־קברים, געענטפערט, אַז ער דאַרף האָבן נישט הייליקע זאַכן נאָר טראַקטאָרן.

עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו שאַפן אַ יידישע קהילה און אָפּנעמען די איינציקע יידישע שול (גרויסע), נאָר דערפון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. די יידן האָבן די שול נישט צוריק באַקומען, און מען האָט פון איר געמאַכט אַ סקלאַד. די איניציאַטאָרן פון שאַפן די קהילה זענען דורך דער מאַכט פאַרפאָלגט געוואָרן. אין די יאָרן 1952—1953, ווען אין גאַנץ רוסלאַנד האָט שטאַרק געבושעוועט דער אַנטיסעמיטיזם, האָט ער אויך דערגרייכט אין סארני. אַ גרופּע יידישע אנגעשטעלטע זענען אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייערע שטעלעס אָן שום פּאַרוואָס.

אויך איך בין געוואָרן אַראָפּגענומען פון מיין הויפּטשטעלע און איבערגעפירט אויף אַן אַנדערע מינדערוועטיקער שטעלע.

ביי ענדע 1957 יאָר האָט סארני, די אַמאָליקע רווישנדע שטאָט, אויסגעזען פּוסט, מיט עטלעכע איבערגעבליבענע יידישע משפחות, אָן אַ שול, אָן אַ הייליק אָרט.

**ד״ר שמעון צוויימאן**

# ל א ח ר   ה נ צ ח ו ן

## גיא ההריגה בסארני

עוד בקיץ 1944 מצאתי מסביב לצריפים עצמות, מלבושים חרוכים, נעלים בלות וטלאים צהובים. מאות הניצולים, שעלה בידם להימלט מן המגרש כשהם שלמים בגופם, גם מהם נשארו בחיים רק יחידים. רבים מהם המומים ומבולבלים שוטטו ברחובות העיר, ושם נתפסו או נורו. בין אלה היה חברי מאיר גאמרמאן. אף אלה שהתחבאו ומצאו אחר כך את דרכם ליערות ולפארטיזאנים, — רק מעטים מהם נשארו בחיים. היו כאלה שניסו להסתתר, אבל הם לא יכלו להחזיק מעמד בלי כל עזרה, ובדרכם למכרים נתפסו ונהרגו. בין אלה היתה חיה ליפשיץ ואחרים. רק אלה ששיחק להם המזל והתחבאו אצל גויים טובים, ובעיקר אצל "שטונדים", "מאמינים", נשארו בחיים. אחדים מהם נמצאים בארץ.

זקנים וחולים נורו בבתיהם ונקברו על הסף, כגון חמיו של שלמה וולקון, איציק מושר, ברוך גוניק וטייך. את קורובוצ'קה ופריד הזינו השכנים הגויים זמן מועט תמורת תשלום הגון. לבסוף הם החליטו לקחת מן האומללים את כל הכסף בבת אחת, קמו והרגו אותם. כמה מן הניצולים נפלו ברוחם, התיאשו ומסרו את עצמם בידי הנאצים כגון בתו של ספיבק. את משה'לה גאמר־מאן תפסו הגרמנים שעה שיצא מהמחבוא והרגו אותו. אחיו יעקב נתפס בידי איכרים שמסרו אותו לגרמנים, ואלה הרגו אותו אחרי עינויים.

היו מקרים של הרעלה. הנאצים האכילו קבוצה שלמה בדגים מלוחים ואחר כך השקו אותם במי־רעל. האנשים מתו ביסורים קשים, ביניהם שמחה מוריק ועוד 6 מבני סארני.

שלושת הבורות שבלעו את כל יהודי סארני והסביבה, נתישרו במשך הזמן. רק נעליים, קרעי בגדים וסיד שנשפך לשם ספיגת הדם שימשו עדות לאשר אירע במקום.

### הקמת המצבה

כך נראו הבורות בקיץ 1944. על אחד מהם הובילה דרך היערה והאיכרים היו עוברים בה. באזכרה הראשונה שנערכה מיד עם השחרור התאספו השרידים מכל הסביבה, אחדים כבר עם נשק ביד, ונשבעו לנקום את הדם השפוך. הם התנדבו לצבא האדום ומהם גם לא חזרו, בין אלה — שלום פינצ'וק מרוקיטנו.

לאחר האזכרה החלטנו לחפור תעלה סביב המקום כדי למנוע את הנסיעה על הקברים. התעלה היתה צרה ובמשך הזמן נתמלאה חול. החורף בא ושארית הפליטה, שרובה לא היה מתושבי סארני, הסתגלה לאט לחיים הרגילים ושכחה את החובה המוטלת עליה לגבי הקדושים. אספנו כסף לשם הקמת מצבה על קבר האחים, אבל הדבר לא יצא לפועל, וגם הכסף נעלם.

מדי פעם הייתי ניגש מזוין אל הקברים ויורה בכלבים שהיו מחטטים בבור, מוציאים גויות ומכרסמים אותן, מאחר שרק שכבה דקה של עפר כסתה אותן. התחלתי לעורר את יהודי סארני ולדרוש מהם לא להשאיר את קבר האחים במצב זה, כי לחרפה לנו הדבר. פניתי גם לעירית סארני ודרשתי לפעול, כי הדבר הוא מחובתה. טענתי גם שתושבי העיר ירשו מהקדושים רכוש

ובתים. אנשי העיריה ענו לי, שבזמן מלחמה אין להשיג את החמרים הדרושים, ולפי שעה קודמים דברים אחרים, חשובים יותר.

הפעולה הראשונה שנראתה לי חשובה היתה ענין המצבות שנלקחו בימי הנאצים מן הקברים בבית העלמין היהודי לשם סלילת מדרכה מבית החולים העירוני עד לקסרקטין. ראיתי בזה עלבון שתבע את תיקונו. חשבתי שצריך היה לפרק את המדרכה ולהעביר את המצבות על קבר האחים. העברת המצבות היתה בזמנים ההם כרוכה בקושי רב.

התיעצתי עם חברי לחדר יוסף וולק איך לבצע את המשימה. פנינו לכמה מגדודי הצבא שחנה אז בסארני, ושהיה להם רכב כבד. באחד הגדודים הסכימו להעביר את המצבות תמורת תשלום גבוה, ועוד 1800 ליטר נפט, שבזמנים ההם כמעט בלתי אפשרי היה להשיג. פנינו עוד לכמה מקומות, אבל ללא תוצאות.

כאשר כלו כל הקצין החלטנו לפנות למפקד של גדוד נ.ק.וו.ד. קלוקוב, שהכרנוהו, ובקשנו שיעזור לנו בענין זה. רצינו שיתקבל הרושם שכל יהודי סארני פונים אליו ומבקשים את עזרתו. במשלחת השתתפו ד״ר צוויימאן, וולף ואני. בלי אומר ודברים הבטיח קלוקוב לשלוח בלי שום תשלום ליום מיועד 3 קצינים ו־15 חיילים עם 3 משאיות לשם העברת המצבות לקבר האחים. ליום הקבוע אספתי את שארית הפליטה בסארני ויחד עם החיילים העמסנו את המצבות על המכוניות והעברנו אותן על שלושת הקברים. בשעת ההעברה נשברו כמה מן המצבות.

## יהודי סארני לאחר השחרור

הניצולים התחילו לחזור מהיערות, ואחדים התחילו אפילו לבנות מחדש חיים שנהרסו. כעבור זמן מה התחילו לחזור גם יהודים שברחו לרוסיה, או שירתו בצבא. אחד הגויים שמר אצלו ספר־תורה והחזיר אותו ליהודים בשובם. ספר־התורה הוכנס לבית פבריקנט, בו התכנס המניין ואשר שימש במשך זמן מה — וכן ביתו של פנחס בורקו — כמקום פגישות.

רוב היהודים שבאו מרוסיה, היו חסרי כל. היה צורך לסדרם בעבודה ולספק להם צרכים ראשונים. היהודים תרמו ביד רחבה, עזרו והתענינו בזולת אבל הזמן עשה את שלו. לאט לאט התחילו לשכוח את אשר עבר עליהם. התחילו להגיע מכתבים מהארץ, על אחדים מהם עניתי. כעבור זמן מה התחילו להגיע חבילות מאמריקה. היינו מתאספים ומחלקים אותן בין הנצרכים.

החיים היו מתוחים, לעתים תכופות נשמעו יריות. עם רדת החשכה היו הכל נסגרים בבתים מפחד ה״בנדרובצים״ ששוטטו אז גם בעיר. מדי פעם היו אנשי צבא ומשטרה נרצחים מחוץ לעיר. היו מקרים של הורדת רכבות מהפסים. המטיילים היחידים מבין היהודים בלילה היו חברי לחדר יוסף וולף ואני — שנינו מזוינים היטב. לעתים הייתי סר בערבי חורף ראשונים לתחנת הרכבת, מסתכל בכל אחד ומחפש אולי אמצא יהודי שאוכל לעזור לו או להצילו (כמה אהבתי אז יהודים בכל מאודי!). הייתי מסכן את עצמי לא אחת כדי למנוע צרות מיהודי שלא הכרתיו לפני כן. לפעמים הייתי נתקל ברכבות משא, שקרונותיהן סגורים ובתוכם אנשים, שפרצופיהם דומים ליהודים אבל לא האמנתי שאחרי הכל יובילו לצפון גם יהודים.

פעם הודיע לי שוטר, ששתי יהודיות שירדו מהרכבת שנסעה למכרות פחם שבאסיה המרכזית, קראקנדה, איחרו את הרכבת. מצאתי אותן מיד, כשני ימים היו אצל זייגרמייסטר. הן לא ידעו שפה אחרת חוץ מגרמנית. התחלתי לפקפק אם הן יהודיות. כן קשה היה לי לתאר לעצמי

שיהודיות תיאסרנה ותובלנה למכרות לאחר שעברו עליהן כל המוראות. התחלתי לחשוד שמא אני מציל כאן גרמניות. התחלתי לשאול אותן מה ידוע להן על יהדות, אחת ידעה קצת "מה נשתנה" וכן ברכת המזון. היא נשבעה שהשניה גם כן יהודיה. שוכנעתי שהן יהודיות, כי לא יתכן שגויה תדע "מה נשתנה". אי ידיעת שפה אחרת חוץ מגרמנית היתה בעוכריהן. נקראתי לא אחת להסביר את פשר החזקת היהודיות בסארני בזמן שנשלחו לקארקנדה, למכרות. פעם נקראתי לנ.ק.וו.ד. כדי שאתרגם מה שהן תאמרנה בחקירה. תרגמתי כיכולתי עד שנתקשיתי במלה אחת. אז ענתה אחת שישבה בחדר שני ושלא ראיתיה כלל. ז.א. בדקו אם אני אגיד כל שהן מספרות ולא אעלים דבר. למרות הכל לא זנחתי אותן. הלא הן היו יהודיות.

פעם נקראתי לשלטונות ונאמר לי שאם לא אשלח אותן, תיאסרנה ותובלנה במשמר למקום המיועד. הדבר נעשה רציני מאוד באותו זמן. התחילה ההגירה לפולין. לכן התקשרתי עם שורצבלט מרוקיטנו, וביום בהיר אחד הכנסתי אותן בלי רשיון לרכבת, שילמתי בעדן מה ששילמתי, מסרתי אותן בידיים נאמנות שיובילו אותן לרוקיטנו אל שורצבלט ויחד עם היהודים הן יצאו את רוקיטנו.

פעם בא חברי לחדר, וולף, וסיפר על ילד עזוב, שרוצים לשלחו לבית יתומים, גמרנו לספחו אלינו. הילד היה אצלנו עד שהיגר לפולין, ומשם לארץ — לקיבוץ כפר־מסריק.

אנשי השלטון היו כמעט כולם רוסים. מותר היה להם להתידד רק עם יהודים. הביטו בעין רעה על קצינים שהיו באים במגע עם פולנים ועם אוקראינים.

החורף הגיע לקיצו ונדברנו כי לאחר שנים רבות יש לטעום בפסח טעם מצות. בשנת 1945 לא היה הדבר פשוט וקל.

בעזרת נהגי הצבא הבאנו עצים, וברכבת הבאנו קמח מרובנה. התאספנו בבית פבריקנט, לשנו, גילגלנו, אפינו ואחרי שנים טעמנו ברוב שמחה מצות. לסדר הראשון הסבתי ליד שולחנו של ד"ר צוויימן.

התחילו להגיע שמועות מהארץ. אנשים מוילנה שבליטא התחילו לעבור דרך סארני ורובנה בדרכם לנמל קונסטנץ. הם היו מתעכבים ברובנה והיה צורך להחליף להם את התעודות פן ישיגום הרודפים.

הספק הראשי לתעודות אלה היתה סארני. התעודות היו מגיעות לרובנה ונמסרות לידי לידובסקי. מדי פעם היו יהודים נופלים בפח והיה צורך להוציאם משם במסירות נפש. לפעמים היינו נוסעים לרובנה לאסיפה חשאית של כל ציוני הסביבה, שומעים חדשות ודנים על המצב.

לאחר קשיים רבים יצאתי את סארני בדרכי לארץ.

מאיר וולקון

## קבר האחים

בשובי בשנת 1944, בעונת הפסח, לסארני מהיערות ומהפארטיזאנים, מצאתי בעיר ההרוסה יהודים ספורים שהחלו להסתדר. גם אני החלטתי לתור אחר סדור מתאים למשך זמן שהותי בעיר.

הואיל ונמניתי עם הפארטיזאנים, הצטינתי בקרבות וזכיתי בכל אותות ההצטינות — קיבלתי המלצה למזכיר המינהל המחוזי (רייאיספולקום) בסארני שיסדרני במשרה נאותה. המזכיר

קיבלני בסבר פנים יפות ומינה אותי כפקיד לחלוקת מצרכי מזון למשטרת נ.ק.ו.ד. ולצבא החונה בעיר.

כל הסארנאים זוכרים בודאי את בניני הקסרקטין הצבאי שבצד הפולסי. הגרמנים לקחו את מצבות האבן מבית העלמין והשתמשו בהן לסלילת מדרכות בין בניני הקסרקטין. בעברי פעם ליד הבנינים הרגשתי באותיות העבריות שעל פני המצבות. במקום החלטתי לא לעזוב את העיר כל עוד המצבות לא יפורקו ויובאו לקברי האחים של יהודי סארני והסביבה.

באותו זמן בא מרוסיה מאיר וולקון. בודד וגלמוד היה ככולנו. קבלתיו בזרועות פתוחות ועזרתי לו לקבל עבודה כממלא מקומי. בינתים הגיעו מרוסיה ומהיערות יהודים נוספים. בפגי־שות דובר הרבה על סידור קברות הקדושים. התחלנו באיסוף כספים למטרה זו, אבל הענין לא התקדם. חלק משארית הפליטה החל לעזוב את העיר ולהגר לפולין. היה זה כבר בשנת 1945, לאחר גמר מלחמת העולם. הבנתי שעת לעשות, כי אם לא — נתפזר כולנו והמעשה לא יבוצע.

ראשית היה צורך להשיג רשיון לפירוק המצבות. לאחר מכן חיפשנו דרך כיצד להעביר את המצבות, שמשקל כל אחת היה 70—80 פוד בערך. מן הנמנע היה להשיג בסארני מנוף להרמת משאות אלא אם כן מידי הצבא שחנה בעיר.

מפקד הצבא בסארני בימים ההם היה קולונל (פולקובניק) רוסי בשם קלוקוב. סרתי לביתו, בקשר לתפקידי, וביקשתיו להעמיד לרשותנו 3 מכוניות משא וכעשרים ח״ילים שיעזרו בהעברת המצבות. אם כי מילוי הבקשות לא היה מן הדברים הקלים, לא השיב פני ריקם.

היה זה באחד מימי חודש אב בערך ב־1945.

קומץ יהודי סארני התאסף במגרש שנועד כמקום ריכוז. בשמונה בבוקר שמתי פעמי למטה ובידי האישור המתאים. כעבור שעה קלה קיבלתי את המכוניות ואת 20 החיילים לעזרה. יהודי סארני חיכו בקוצר רוח לבואי וניגשו ללא שהיות לעבודה. במדרכות נמצאו כ־80 מצבות. עד 3 אחה״צ שלמה עבודת ההעברה של המצבות.

כפי שציינתי, עזר על ידי מאיר וולקון מנימוביץ. הוא פעל הרבה בסידור קבר־האחים. שחררתיו מהעבודה והעמדתי לרשותו זוג סוסים ועגלה. הבאנו מלט מזדולבונוב ובעל מקצוע בנה שלוש מצבות־אבן וחרת עליהן את הכתובת הבאה:

פ. נ.

14,000 יהודי סארני והסביבה

ת. נ. צ. ב. ה.

לאחר מכן הקמנו סביב המצבות גדר של מוטות ברזל וחוטי תיל.

בחודש אלול תמה העבודה. במצפון שקט החלטתי לעזוב את העיר.

**יוסף וולף**

## פגישה באסיה המרכזית

שלהי סתיו 1941. המלחמה היא בעיצומה, ואנו, חלק קטן מבני עיירתנו שהצלחנו ברגע האחרון להמלט מצפרני החיה, נמצאנו הרחק בעורף, ברוסיה רחבת הידים.

היינו גלמודים, הרוב ללא משפחות וללא קורת גג ובלי פרוטה בכיס. לא יכולנו להשתהות זמן רב במקום אחד, כי האויב רדף אחרינו והלך וכבש שטחים גדולים של רוסיה. נסחבנו עם

זרם הפליטים והוספנו לברוח. אחרי נדודים רבים וקשים, הביא אותנו הגורל עד ללב רוסיה הסוביטית, לאוזבקיסטן שבאסיה המרכזית. רוב תושבי המקום היו אוזבקים, שלא הסתירו את שנאתם אלינו. מנהגי חייהם היו זרים לנו, והאקלים קשה. ביום היה חם מאד ובלילות הציק הקור. אחדים מאתנו מצאו עבודה וקיבלו תמורתה כרטיס לחם, ולפעמים — גם תבשיל של מים וגריסים. מנת הלחם הרגילה לגולגולת היתה 400 גרם, והיא היתה מקור תזונתנו העיקרי.

הרעב וחוסר התנאים המינימאליים לקיום אנושי קצרו את קצירם. מחלות מדבקות, דיזנטריה, טיפוס, קדחת — שמו קץ לנדודיהם ולצרותיהם של רבים מאתנו. יקירינו מצאו את מנוחתם הנצחית בחולותיה של ארץ רחוקה וזרה.

בין אלה שלא יכלו לעמוד בפני הרעב היה אחד מעסקני עיירתנו, הציוני המסור מר טארטא־קובסקי ז״ל. מי מאתנו לא הכיר בעשר השנים שלפני המלחמה את מר טארטאקובסקי? הוא היה המורשה של הקרן הקימת לישראל, בביתו התקיימו הישיבות והפגישות של עסקני העיר. על אף גילו הקשיש, היה תמיד מלא מרץ כצעיר. הוא היה המארגן והפותח את נשפי חנוכה, פורים, ט״ו בשבט לטובת קק״ל. זוכרים אנו אותו לבוש בחליפתו השחורה, מסתובב באולם כבעל שמחה. ברגע שנוצר מעגל לריקודי ״הורה״, היה מצטרף לרוקדים להנאת הכל.

לראשונה נפגשנו עם מר טארטאקובסקי באחד הסובחוזים באוזבקיסטן. כמה שמח בנו! הוא סיפר לנו, שבנו וכלתו נמצאים בעיר הקרובה. הוא עובד קשה בסובחוז, ומאושר שיש לו עוד כוח לעבוד. הוא רצה שנישאר אתו והציע לנו מקום בחדרו הקטן. לא נשארנו כי פנינו היו מועדות העירה.

לאחר שעברו עלינו חדשים אחדים, קשים מאוד, שזכרונם ישאר לתמיד חרות בנפשנו, פגשתי ברחוב את מר טארטאקובסקי. עמד לפני איש זקן, שחוח ורזה מאד, בגדיו בלואים וקרועים, לסתותיו וחוטמו בולטים מאד, ועיניו שקועות עמוק בארובותיהן. קשה היה להכירו. הוא שמח מאד לפגישה באמרו, שחיפש אותנו בכל העיר. העבודה הקשה והרעב שברו את כוחותיו, והוא בא לגור עם בנו וכלתו. מצבו היה קשה. ״האם לא מוטב היה לו מתי בביתי ונכדי היקר היה נשאר בחיים עם הוריו?״ — אמר, ועיניו זלגו דמעות. ידענו שנכדו נשאר אצל הגרמנים בלמדו בלבוב. מאז פגישה זו נפגשנו לעתים תכופות, דיברנו ארוכות והעלינו את זכרה של עיירתנו ואנשיה. זוכרת אני איך בכה האיש על זה שלא עלה ארצה בזמנו, ואמר: ״לכם, הצעירים, ישנה עוד תקווה, שתראו את ארצנו ותחיו בה חיים מאושרים, אך תקותי אבדה״. הוא לא יכול היה לשקוט ולנוח על שנפל למעמסה על בנו. הוא חיפש כל הזדמנות להרוויח פרוטה למחיה.

כעבור זמן מה, בחורף, ראיתיו בשוק מוכר פתיליות עשויות מבקבוקים. ״ראי״, אמר לי, ״ישנם בשוק דברים טובים לאכילה — לחם, צימוקים. אבל מאין לקחת כסף?״ יום אחד בא אלינו וסיפר שנאלץ להכנס לבית־חולים. כאבים חזקים בבטן הציקו לו מאד. הוא קיווה שניתוח ירפא אותו. מאז לא ראינוהו עוד.

כעבור זמן מה סובבתי על פני כל בתי־החולים, מאחד לשני; חיפשתי אותו ושאלתי עליו, אך לא מצאתיו. ״הוא רק קרבן אחד של המלחמה,״ אמרו לי. הם לא רצו אפילו להטריח את עצמם ולחפש את שמו ברשימות הארוכות. לו נשאר בחיים, ודאי היינו נפגשים אתו.

הלך לעולמו איש יקר וקרוב.

רעיה קרמר־הוברמן

## על חורבות סארני

ביקרתי בסארני לאחר הריפאטריאַציה מרוסיה כשהמסע התעכב בעיירה לימים אחדים.

צעדי הראשונים כוונו לרחוב נאַרוטוביצ׳ה, בו עמד בית מגורנו. רק בתים קטנים אחדים נשארו בו עומדים על תלם. לפיהם ידעתי למצוא את המקום שחיפשתי. בית הסבא זינגרמאן (על יד בית פרישקולניק) נשאר שלם, אולם כשהוא נתפס על ידי ״יורשים״. אך פתחתי את הדלת והנה לקראתי פיודור, גוי השבת של הסבתא נחמה. החדר היה מלא תפוחי־אדמה, ועל רצפת המטבח הגדול — תפוחי עץ חרפיים. המטבח, שריחות מאכלי חג יהודיים נדפו ממנו לפנים, נהפך למחסן של ״היורש״.

״היורש״ ובני משפחתו הרבו לספר לי על ההריגה. לדבריו, נמצא הוא ביום המר בכיכר השוק. הם סיפרו לי שימים אחדים אחרי הטבח, נקברו חיים הדודים צבי זינגרמאן ואהרן־גדל גרושקה, כשספרי הקודש בידיהם. ברגעים האחרונים לחייהם הפצירו שיביאום לקבר ישראל.

בשברון לב עזבתי את בית סבא. רצתי דרך רחוב סדוֹבה, שכמעט לא נפגע, לרחוב הרחב (ברייטע גאַס). בבתי היהודים השתכנו תושבים נוצרים, אשר רצחו וגם ירשו.

עברתי ליד בית־הספר ״תרבות״, שבעשרות מחזוריו חינך מאות חניכים לציונות, חלוציות ועברית. הלב נצבט בראותי שגם בבנין ביה״ס גרות משפחות גויים.

המומה ורצוצה, אבלה וחפוית ראש, חזרתי לרכבת ולחבורת החוזרים. כל רחוב וכל פינה זעזעו אותי. נפגשתי עם המורה דיכטיר ועם המורה טנדלר, שחזר מרוסיה ובדעתו היה להשתקע בסארני בגלל סיבות משפחתיות.

נחפזתי לעבור על יד הבתים, שלפנים שימשו פינה חמה ומאירה, קן ״השומר הצעיר״ ו״החלוץ״. לא התעכבתי על ידם, אצתי לרכבת, שמשך שהותה בתחנה לא היה קבוע.

למחרת, חזרתי העירה. בתחנת הרכבת נתקלתי באשה, שהסתכלה בי במבט חודר והתחילה לצעוק ברוסית: ״בריינדלה בגון! תני כסף!״ מישהו רמז לי עליה בלעג ולחש: משוגעת! הכרתי בה את [redacted] בת האלמנה התופרת. מראה פניה ועיניה היה נורא, לבושה היתה סחבות, שדיה חשופים ובזרועותיה שני תינוקות, והיא צועקת: ״כסף! כסף!״. נתתי למסכנה 50 רובל, והתקדמתי לאורך הרחוב הרחב. בבית בורקא מצאתי את המשפחות: ד״ר צוויימאן וד״ר שטינברג.

גברת צוויימאן התרגשה ביותר: הזכרתי לה את בנה בוניה, ששימשתי מורתו לעברית. הגברת צוויימאן נלוותה אלי בשובי לתחנת הרכבת. בדרך סיפרה לי על תכניותיהם לעלות לארץ מיד לאחר שבנם ישוב מן הצבא האדום.

גם בלבי גמלה ההחלטה, למראה החורבן של עיירתי האהובה: לארץ! כל הכוחות, כל החיים לבנית ארץ־ישראל!

ברוריה בגון־זילברג

## הצלת ספרי תורה

בשובנו לסארני לפני חג הפסח 1944 מסרה לי אחת השכנות, שבידי האשה הפולניה סטודינסקה נמצא ספר תורה.

את ספר התורה הוציא ביום ההשמדה מנדל השמש ז״ל מבית הכנסת של חסידי ברזנה ונמלט אתו מפני רודפיו לאורך רחוב טופולובה. בהגיעו מול בית סטודינסקה, פגע בו כדור. הוא נפל

כשפניו כלפי מעלה וספר התורה בזרועותיו. וכך הוציא מנדל השמש את נשמתו בטהרה.

האשה סטודינסקה הוציאה אחר כך את ספר התורה מבין זרועותיו של מנדל והחביאה אותו בארגז שבעלית ביתה. ספר התורה היה מוכתם בדמו של ההרוג.

יצחק גלר ז״ל ואני קיבלנו את ספר התורה מידי האשה סטודינסקה, שלא רצתה לקבל שום תשלום בעד טרחתה, והבאנו אותו לביתי.

מר פייגלשטיין (איציק, כמדומני) הוביל את ספר התורה לרובנה לשם בדיקה. הסופר קבע, שהספר שלם ואפשר להשתמש בו. את הדם שטפנו והשתמשנו בספר במשך כל זמן שהותנו בסארני ב״מנין״ שהתקיים בביתי.

בעזבי את סארני רציתי לקחת אתי את ספר התורה, אבל לבקשתם של ה״ה וולקון, ד״ר צוויימאן ודראך השארתי אותו בידי היהודים שנשארו. מסרתי אותו בידי מר דראַך, שלביתו עבר ה״מנין״.

עלה בידי לאסוף עוד הרבה יריעות מספרי תורה, שבהן כיסו הפולנים את החלונות והדלתות במקומות שונים בעיר. בעזבי את סארני לקחתי אותן אתי. בלודז׳ התקינו מהן ספר תורה, ששימש למתפללים ב״מנין״ בביתי.

בעזבי את לודז׳ מסרתי את ספר התורה ואת דירתי לשוחט ולב״כ הקהילה שבלודז׳.

עלי לציין בהזדמנות זו שהאשה סטודינסקה החביאה אצלה שלוש בנות. האחת — צירל מוטש־ניק, השניה — שור, ושמה של השלישית אינו זכור לי.

מעדותם של **יוסף פאבריקאנט** ואשתו (נגבתה ע״י **מאיר וולקון**)

# איך הוצאו תצלומי הקדושים מהנ.ק.ו.ד.

ב־1945 חזרתי לסארני ההרוסה, מיד לאחר כיבושה ע״י הצבא האדום. היה בדעתי להמשיך בדרכי לסביבות העיר פינסק, שם קוויתי למצא את מישהו ממשפחתי, שאולי בדרך נס נשאר בחיים.

יהודים סארנאים אחדים, שהתלקטו בעיר מיערות הסביבה ושהכירו אותי מפעולותינו המשות־פות ביחידות הפארטיזאנים, היו מעונינים שאשאר גם אני בסארני. הם הודיעו למפקדת הצבא על הצטיינותי כפארטיזאנית. מיד הוזמנתי לשיחה במשרד הנ.ק.ו.ד. בשיחה ניסו לשכנעני שבסביבת פינסק לא נשארו עוד יהודים ואין שום הגיון שאסע לשם. מוטב שאשאר בסארני ואעבוד אצלם.

עוד זכרתי היטב את ימי הזוועה של הגיטו וחיסולו, שעברו עלי בסארני, אליה באתי מהעיירה דאוויד־הורודוק יחד עם אמי גולדה ואחותי הקטנה פייגה׳לה. אחרי שהגברים בדאוויד־הורודוק הוצאו באופן שיטתי להורג בהלקחם יום יום לעבודה, התפזרו הנשים והילדים שנשארו בחיים, וכמה מהם הגיעו לסארני. התגוררנו יחד עם משפחת קרובינו גילדנהורן, שביתם היה בתחומי הגיטו ברחוב פודולסקה. אמי ואחותי ניספו ביום ההשמדה, ואני ניצלתי בשעת פריצת הגדר של מגרש הריכוז.

זכרתי איפוא יפה את כל המוראות והכרתי כמה מהתושבים הנוצרים, אשר שיתפו פעולה עם הנאצים בימי הגיטו. המחשבה שיהיה באפשרותי לנקום ברוצחים הניעה אותי לקבל את הצעת מפקד ה־נ.ק.ו.ד. ולהתחיל לעבוד במשרדו.

ואכן, במרוצת הימים עלה בידי למצוא אחדים מאלה, שבידיהם היה רכוש יהודי שנשדד מהגיטו מיד אחר הוצאת היהודים משם. הצלחתי להביא אותם למאסר, ובשעת צאתי את המקום — הם עוד חיכו במאסר לגזר דינם.

מפקדי הנ.ק.וו.ד., שידעו כי שכלתי את כל משפחתי ושהשתתפתי כפארטיזאנית בפעולות רבות, רחשו אלי אמון מלא והפקידו בידי תפקיד של האחראית על הוצאת תעודות זיהוי (פאַס־פּורטנויה אוֹטדיליניה) ועל הארכיון הכללי, שנתפס עם הכיבוש מידי הגיסטאפו.

בשיחות עם היהודים הסארנאים נשמעו לעתים קרובות הרהורי־כאב על שלאיש מהם לא נשאר שום זכר מקרוביהם, אפילו לא תצלום או תעודה. נזכרתי אז בפאספורטים שנתקלתי בהם באחד הארונות במשרד ה־נ.ק.וו.ד., צרורים בצרורות. הצעתי שהפארטיזאנים הנכים יפנו למפקד הראשי, שאולי יסכים למסור להם את התצלומים שנשארו על הפאספורטים.

בראותי את דכאונם של האנשים שחזרו מפגישתם עם המפקד, שסירב להיענות לבקשתם, וכאחת מהם שכאבם היה כאבי — החלטתי, על אף הסכנה שהיתה כרוכה בדבר, לפעול על דעת עצמי, להוציא את התצלומים ולמסרם בידי האודים המוצלים שנשארו לפליטה. קוויתי גם למצוא בין התעודות את התצלומים של אמי, דודתי פיה גילדנהורן ויתר בני משפחת דודי אברהם גילדנהורן שהושמדו.

באחד מערבי יום ראשון לשבוע, כשכל העובדים נעדרו והמשרדים היו סגורים, נכנסתי למשרדי וניגשתי לעבודה בלא־מעט חרדה. לא חששתי שנוכחותי במשרד בשעה מאוחרת תעורר חשד כלשהו, כי דבר רגיל היה שאורות בקעו החוצה ממשרד זה בכל שעות הלילה, מאחר שחקירות האסירים נערכו לרוב בשעות המאוחרות דווקא. אולם פחדתי מפני ביקור מקרי של אחד המפקדים. עבדתי בקדחתנות כל הלילה והספקתי להסיר את כל התצלומים שהיו בנמצא. את הפספורטים קשרתי שוב בצרורות והחזרתי למקומם הקודם בארון.

אחרי שבדקתי אם תצלום של מישהו ממשפחתי או מהקרובים נמצא בצרור, התחלתי לחלק את התצלומים לאלה שפנו אלי. כל התצלומים שנשארו בידי מסרתי אחר כך לא. ב. פלד, כדי שיחלק אותם לבני העיר שיפנו אליו. ידעו על כך גם החברים מאיר וולקון, יוסף וולף, ברל ביק ועוד ששמותיהם אינם זכורים לי.

בבואי לארץ נודע לי שגם מר פלד הספיק כבר לעלות והביא אתו את התצלומים שהפקדתי אצלו.

שמחתי מאוד על היוזמה שגילה הועד של אירגון יוצאי סארני, שהצליח להנציח את זכר הקדושים בצורה כה יפה בהדפיסו את תצלומיהם בספר סארני.

מרים ברגמאן

# פון סארני קיין מדינת ישראל

### ביז צום דייטשן אָנפאַל

איך בין אַלט געווען 3 יאָר ווען מיינע עלטערן זענען אַריבער קיין סארני. איך בין געווען אַ בן־יחיד. מיין פאָטער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אַ בראַקער. ער האָט געאַרבעט אין וואַלד פון די פירמעס בערעזאָווסקי און לערנער (יידישע וואַלד־אייגענטימער און גרויסע סוחרים, וועלכע האָבן געוווינט אין וואַרשע).

ביי אַכט יאָר האָב איך געהערט צו דער ציוניסטישער יוגנט אָרגאַניזאַציע פון השומר־הצעיר.

נאָכן פאַרענדיקן די תרבות־שול (7 קלאַסן) האָב איך זיך געלערנט דריי יאָר סטאָלערײַ אין דער אָרט־שול. איך האָב אָבער אַלס סטאָלער נישט געאַרבעט. איך בין אַוועק אויף הכשרה אין אַ קיבוץ פון השומר־הצעיר. נאָך דריי יאָר הכשרה בין איך צוריק געקומען אַ היים צו מײַנע עלטערן. איך האָב דאָן באַקומען אַרבעט ביים וואַלד סוחר בערעזאָווסקי, אויף דער באַן־סטאַציע "אסטקי", נישט ווייט פון סארני. איך האָב געאַרבעט אַלס ברעטער־שניידער אין טאַרטאַק און געוואָרן דער אָנפירער פון דער גאַנצער שיכט, וועלכע האָט געציילט ביי 100 אַרבעטער.

אָנהויב 1939 האָט מיר מיין בעל־הבית, דער רייכער סוחר בערעזאָווסקי, געוואָלט אָפּדאַנקען פאַר מיין גוטער אַרבעט. ער האָט באַשלאָסן מיך שיקן קיין ארץ־ישראל. איך האָב געדאַרפט עולה זיין אומלעגאַל קיין ארץ־ישראל.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָב איך מיט אַ גאַנצער חברה זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיר זענען אָנגעקומען ביז דער רומענישער גרענעץ פאַר טשערנאָוויץ, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט. נאָכן 1־טן סעפּטעמבער זענען די דייטשן אָנגעפאַלן אויף פּוילן, און די רומענישע מאַכט האָט שוין נישט אַריינגעלאָזט קיין רייזענדע פון פּוילן. נאָך עטלעכע שווערע וואַנדער־טעג בין איך צוריק געקומען קיין סארני, דאָרט האָב איך שוין געטראָפן די סאָוויעטן.

די יידישע באַפעלקערונג האָט אויפגענומען ענטוזיאַסטיש די סאָוויעטישע מאַכט. פאַר אַלעם איז מיטגעריסן געוואָרן די יוגנט. איך אַליין אַלס פאַכמאַן בין געוואָרן אַ גרויסער נאַטשאַלניק איבער די וועלדער פון דער אומגעגנט. פיל יידן זענען דערגאַנגען צו הויכע פּאָסטנס. ס'זענען געווען אויך יידישע ראַטמענער ווי ד"ר צווייגמאַן און שמואל מוראַווינסקי. דער לעצטער איז געווען אַ פאַרמלחמה'דיקער קאָמוניסט, ער איז לאַנגע יאָרן געזעסן אין תפיסה פאַר פּאָליטישער טעטיגקייט.

## אין נאַצישן אַרבעט־לאַגער

גלייך דעם ערשטן טאָג פון אָנפאַל, דעם 22־טן יוני 1941, איז אונדזער שטאָט באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די דייטשן, און אַ וואָך שפּעטער איז זי פאַרנומען געוואָרן. אַ סך יידן זענען אַוועק מיטן סאָוויעטישן מיליטער. זער פיל האָבן זיך עוואַקואירט קיין טיף רוסלאַנד.

איך האָב זיך דאַמאָלס געפונען ביי מיין אַרבעט, 70 ק"מ פון דער באַן ליניע. מיר האָבן געאַרבעט ביזן לעצטן מאָמענט. אונדזער הויפּט איז געווען אַ רוס מיטן נאָמען פינטשוק. טראָץ דעם וואָס פון אונדזער אָרט איז שווער געווען זיך צו עוואַקואירן, האָט ער זיך נישט אונטער־געגעבן דעם פּחד. ווען איך האָב זיך דערוווּסט אַז די דייטשן האָבן שוין פאַרכאַפּט אונדזער געגנט, בין איך אַוועק אין די וועלדער פון דאַווידגאַראַדאָק, וועלכע האָבן זיך געצויגן אויף קילאָמעטער. אין די וועלדער האָב איך געטראָפן אַ גרופּע רוסישע זעלנער, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון די דייטשן. זיי האָבן באַקומען צוטרוי צו מיר און מיר פאַרטרויט אַ וויכטיקע אויפגאַבע. זיי האָבן מיך געשיקט אין שטעטל לעניו, דאָרט האָב איך זיך געדאַרפט טרעפן מיט אַ רוסישן אָפיציר באַריסאָוו, וועלכער האָט זיי געדאַרפט געבן ווייטערע אָנווייזונגען. ווען איך בין געקומען קיין לעניו, האָב איך אָבער שוין נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויסצופירן די אויפגאַבע. די נאַציס האָבן שוין געכאַפּט יידן. אין דער ערשטער ריי האָבן זיי געזוכט יידן מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ווי אויך יידישע קאָמסאָמאָלצעס. זיי האָבן שוין געהאַט געטויט פיל קאָמסאָמאָלצעס.

די דייטשן האָבן מיך געכאַפּט אויף אַרבעט קיין גאַנצעוויטש, אין פּינסקער געגנט. די אַרבעט אין דאָזיקן לאַגער איז געווען אַ גרויזאַמע. מען האָט אונדז מוראַדיק געפּייניקט. איך האָב

באַשלאָסן צו אַנטלויפן. איך האָב אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין לאַגער מענטשן צום אַנטלויפן, איך האָב אָבער ביי דער מערהייט נישט געפונען קיין פאַרשטענדעניש. מיינע חברים האָבן געטענה׳ט אַז די נאַציס באַציען זיך גרויזאַם נאָר צו קאָמוניסטן, וועלכע זיי הרגענען, אָבער פראָסט פשוטע מענטשן וועלן זיי נישט טשעפען. איך האָב דאַן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ קלענערע גרופּע מענטשן.

ווען איך האָב שוין צונויפגעשטעלט אַ קליינע גרופּע פון אויסגעקליבענע זיכערע מענטשן, האָבן מיר דערקלערט די איבעריקע, אַז מיר לאָזן זיך אין וואַלד אַריין און ווער עס וויל קאָן מיטגיין מיט אונדז.

די צייט האָט שוין געאַרבעט פאַר מיין פּלאַן. די גרעסטע מערהייט פון די אַרבעטנדיקע אין לאַגער האָט פאַרשטאַנען, אַז די תליינישע שווערד וועט קיינעם נישט שוינען. אין די לעצטע מינוטן זענען אַלע צוגעשטאַנען צו אונדזער גרופּע.

אונדזער פּלאַן איז געווען אַ געוואַגטער און ריזיקאַלישער, אָבער אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז קיין אַנדער רעטונג פון טויט איז נישטאָ. אַ געוויסע נאַכט איז אויף מיין צייכן דער גאַנצער לאַגער, 200 מאַן, אַוועק. מיר האָבן נישט געקענט די געגנט און נישט געוווּסט דעם וועג. צו אונדזער אומגליק האָבן די דייטשן פריצייטיק באַמערקט דאָס אַנטלויפן פון לאַגער און זיי האָבן טעלעפאָניש צווויסן געגעבן אַלע וואַכן אַרום. מיר האָבן געפילט, אַז מען יאָגט אונדז נאָך. פיל פון אונדזער גרופּע זענען געהרגעט געוואָרן אויף די וועגן דורך די באַהאַלטענע נאַצי־פאָסט־וואַכן. אַנדערע האָבן פאַר שרעק באַשלאָסן זיך צוריקקערן. זייער גורל איז געווען דער גרויזאַמסטער: די דייטשן האָבן זיי געטויט דורך הענגען. די טויטע גופות זענען געהאָנגען אַ גאַנצע וואָך אויף די תליות. דעם לאַגער, ווו מיר זענען געווען, האָבן די דייטשן ליקווידירט.

אַ קליינע גרופּע אַנטלאָפענע, צווישן זיי אויך איך, האָבן געמאַכט אָנשטרענגונגען צו געפונען אין די וועלדער רוסישע פאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען. מיר זענען געגאַנגען גאַנצע נעכט, און בייטאָג פלעגן מיר רוען. אייניקע פון אונדז האָבן געראַטן זיך טרעפן מיט באַקאַנטע פויערן, מיט וועלכע אונדזערע עלטערן און קרובים האָבן געהאַנדלט. איך האָב נישט מסכים געווען מיט דעם פּלאַן, האָב זיך אָפּגעשיידט פון דער גרופּע און בין אַליין אַוועק זוכן פאַרטיזאַנער.

## מיט פאַרטיזאַנער

איך האָב זיך געלאָזן אין דער ריכטונג פון דער פינסקער געגנט. איך האָב זיך דערוווּסט פון פויערים, ווו ס׳קומען זיך צונויף פאַרטיזאַנער. נעבן דעם דאָרף ווו זיי פלעגן קומען האָב איך געוואַרט אין די תבואות 2 טעג. מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט אַ פור מיט אַ קליינער גרופּע מענטשן. לויטן אָנטאָן און לויט זייער רוסישער אויסשפּראַך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען פאַרטיזאַנער. איך בין אַרויס אַנטקעגן און געבעטן זיי שטיין. זיי האָבן מיך באַלד באַפוילן אויפהויבן די הענט. נישט געלאָזן מיך רעדן, באַזוכט מיך און געהייסן זיך לייגן אויף דער ערד. זיי האָבן אָנגעשטעלט אויף מיר זייערע אויטאָמאַטן און מיר באַפוילן זאָגן, וואָס פאַר אַן אויפגאַבע די דייטשן האָבן מיר געגעבן. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז איך בין אַ שפּיאָן. איך האָב זיי דערציילט אַז איך בין אַ ייד און וויאַזוי איך בין אַנטלאָפן פונם לאַגער, און אַז מיין איינציקער לעבנס־ציל איז צו נעמען נקמה אין די נאַצישע רוצחים. דער אָנפירער פון דער פאַרטיזאַנער אָפּטיילונג איז

געוועזן אַ קאָזאַק מיטן נאָמען כאַסאַנאָוו. נאָך פיל בקשות האָט ער מיר דערקלערט אַז זיי גייען אויספירן אַן אויפגאַבע און דורך דעם וועלן זיי האָבן די מעגלעכקייט גלייך זיך איבערצייגן, צי איך בין פעיק צו זיין אַ פאַרטיזאַן. די אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין אָפּוואַרטן אַ קליינע דייטשע אָפּטיילונג, וועלכע האָט געדאַרפט — לויט דערהאַלטענע אינפאָרמאַציעס — אַדורכגיין נישט ווייט פון דעם דאָרף. דורך באַשיסונג האָט מען באַדאַרפט זיי פאַרטרייבן, און נישט אַדורכלאָזן. איך האָב אויסגעדריקט מיין הסכמה, און מיר זענען צוזאַמען אַוועק אין כוטאָר "קאַלקי".

אָנקומענדיק אויפן אָנגעוויזענעם פונקט האָט יעדער פון אונדז פאַרנומען זיין אָרט און באַדאַרפט וואַרטן אויפן באַפעל פון דעם הויפט כאַסאַנאָוו. איך בין געלעגן נישט ווייט פון כאַסאַנאָוון. די דייטשן האָבן זיך באַוויזן גייענדיק זיכער, רעדנדיק הויך און זייענדיק פריילעך. כאַסאַנאָוו האָט געגעבן דעם באַפעל: "אָגאָן!" פייער! מיר האָבן מיט איין מאָל גענומען שיסן פון אַלע זייטן. עטלעכע דייטשן זענען גלייך געפאַלן, די איבעריקע זענען זיך צעלאָפן און באַהאַלטן אין די קוסטעס.

איך האָב געזאָגט כאַסאַנאָוון אַז איך גיי נעמען ביי אַ דייטש די ביקס, און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער האָב איך זיך געלאָזט צום אָרט ווו ס'איז געלעגן אַ געפאַלענער נאַצי. מיינע קאַמף חברים האָבן מיר נאָכגעשריגן אַז איך זאָל נישט גיין, ווייל די דייטשן וועלן שיסן פון זייער באַהעלטעניש. איך בין אָבער לויפנדיק שוין אָנגעקומען אויפן אָרט, שנעל גענומען די ביקס און גלייך גליקלעך געקומען צוריק צו מיין אָרט נעבן כאַסאַנאָוון. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין אַנטוישונג ווען כאַסאַנאָוו האָט מיך געפרעגט מיט וואָס וועל איך שיסן אויב איך האָב נישט גענומען אויך קוילן פאַרן ביקס. ער האָט מיך אָבער נישט געראַטן ווידער גיין צו די טויטע דייטשן. איך אָבער בין נאָכאַמאָל צוריקגעלאָפן צו דעם טויטן דייטש. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ קנאַל, און אַ קויל האָט לייכט אָנגערירט די הויט פון מיין שטערן. דער צייכן איז מיר פאַרבליבן ביז היינט. איך האָב באַוויזן אַראָפּנעמען דעם פאַס מיט די קוילן פונם טויטן דייטש, און שלעפנדיק זיך אויף אַלע פיר — צוריקגעקערט אויף מיין אָרט. כאַסאַנאָוו האָט מיר געדריקט די האַנט מיט אָנערקענונג און קלאַפּענדיק מיר אין אַקסל געזאָגט "דו ביסט אונדזער אַ מענטש".

מען האָט מיך געבראַכט צום קאָמאַנדיר פון דער אָפּטיילונג, קאָמאַראָוו. דאָס איז געווען אַ גענעראַל־מאַיאָר. כאַסאַנאָוו האָט אים דערציילט וועגן מיר, און איך האָב באַקומען די דערלויבעניש צו בלייבן אין זיין פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. אַ געוויסע צייט בין איך געווען אַ פּראָסטער קעמפער. איך פלעג אָפט הערן דאָס אָפּשפּאָטן פון יידן אין פאָרם פון וויציקע דערציילונגען וועגן יידישע פּחדנים. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז מיט מיין גאַנצער אויפפירונג אויפווייזן, אַז יידן זענען נישט קיין פּחדנים און זיי פאַרמאָגן אין זיך העלדישקייט.

אין מיר האָט געברענט אַ פייער פון נקמה צו די נאַציס און אַ הייליקער באַשלוס נוקם צו זיין זיך דעם טויט פון מיינע טויזנטער אומשולדיקע ברידער און שוועסטער. ווען ס'איז נאָר געווען אַ מעגלעכקייט, פלעג איך זיך מעלדן דער ערשטער צו אַלע אויפגאַבעס, וואָס אונדזער אָפּטיילונג האָט באַקומען.

מיין בריגאַדע־קאָמיסאַר סמאַטראָוו האָט זיך פאַראינטערעסירט פאַרוואָס איך גיי פרייוויליק אין די געפערלעכסטע אַקציעס. ער האָט מיך אויסגעפרעגט צי איך האָב עלטערן, צי עמעצער

פון מיין משפּחה איז געבליבן לעבן. ער איז געווען אַ גוטער מענטש און מיך שטאַרק מיטגעפילט אין מיין גורל.

איינמאָל האָט ער מיך געפרעגט פאַרוואָס איך שעץ אַזוי גרינג מיין לעבן. איך האָב אים דאַן אויפגעקלערט, אַז ערשטנס זענען יידן נישט קיין פּחדנים, אַז אַזעלכע ווי איך זענען צווישן יידן דאָ פיל מער, און אַזוי ווי אַלע ווייסן, אַז איך בין אַ ייד, מוז איך מיט מיין גאַנצער אויפפירונג אויסמעקן די ווילדע פאָרשטעלונג וועגן יידן, וועלכע האָט זיך איינגעקריצט אין די מוחות פון פיל נישט־יידן. אויסער דעם האָב איך אונטערגעשטראָכן מיין ברענענדיקן נקמה־געפיל, וועלכער איז נישט קיין קלענערער ווי ביי יעדן רוסישן מענטש.

פון דאַן אָן בין איך צוגענומען געוואָרן אין שטאַב פון דער בריגאַדע. איך בין אַדורך אַ קורס אַלס געגנט־אויספאָרשער. מען פלעגט מיך שיקן אויף באַשטימטע ערטער, וווּ סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען האָבן אַראָפּגעוואָרפן ביקסן, קוילן און גראַנאַטן פאַר פאַרשידענע בריגאַדעס פאַרטיזאַנער. צוויי מאָל בין איך געשיקט געוואָרן נאָך געווער: איינמאָל אין דער שפּיץ פון אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע קיין מאַזיר; דעם צווייטן מאָל קיין ראַקיטנע, נעבן קלאָסאָוו. איך בין אויך אַדורך אַ קורס פון אויפרייס־אַקציעס (אויפרייסן טראַנספּאָרטן מיט געווער און מיליטער). כ׳האָב אויך געהאַט אַן אויפגאַבע צו פאָרשן אָרטיקע ווייסרוסישע פּויערים, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די דייטשן און אונדז איבערגעגעבן די נויטיקע ידיעות. אין לעצטן פּעריאָד בין איך געווען אַ לייטער פון דער אויספאָרשונג, צום קאַמף מיט די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן — באַנדעראָווצעס.

## נקמה אין די רוצחים

אויספירנדיק פאַרשידענע אויפגאַבעס פלעג איך זיך זייער אָפּט דעריווסן וועגן יידן, וועלכע זענען גרויזאַם אומגעבראַכט געוואָרן דורך די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין דאָרף וואָיטקעוויטש האָט די אוקראַינישע הילף־פּאָליציי געכאַפּט דאָס יידישע מיידל שוויעצקי, איר אָפּגעשניטן דעם קאָפּ מיט די צוויי לאַנגע צעפּ, אים אַרויפגעזעצט אויף אַ שטעקן און אַ גאַנצן זונטיק־טאָג געטראָגן איבערן דאָרף. איך האָב דאָס פעסטגעשטעלט אַנדערטהאַלבן יאָר נאָכדעם ווי דאָס איז געשען.

אין דער צייט האָב איך, אַלס אויסשפּיר־אָנפירער, געהאַט אונטער מיינע באַפעלן 10 מאַן, אַלע רוסן. אונדזער ספּעציעלע אָפּטיילונג האָט געהאַט רעכט אַליין אויספירן טויט־אורטיילן איבער אַגענטן און מיטאַרבעטער פון די נאַציס. איך האָב זיך געלאָזט מיט מיין גאַנצער גרופּע, 10 מאַן, אין דאָרף וואָיטקעוויטש. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ טאָג אונטערן דאָרף און געפאָרשט ביי פּויערים ווער ס׳האָט דערהרגעט דאָס מיידל שוויעצקי. מען האָט אונדז אָנגעוויזן אויף 16 דייטשע מיטאַרבעטער — אוקראַינישע אַגענטן פון געסטאַפּאָ. מיר האָבן זיי אויפגעזוכט, אַרעסטירט און געבונדן. דאַן האָבן מיר צונויפגעטריבן דאָס גאַנצע דאָרף נעבן קלויסטער. איך האָב זיך געשטעלט אויף אַ שטיין און מיט אַ געהויבענער שטימע איבערגעלייענט, אין נאָמען פון דער סאָוויעטישער מאַכט, דעם טויט־אורטייל איבער די 16 מערדער, וועלכע האָבן בעסטיאַליש דערמאָרדעט דאָס יידישע מיידל. איך האָב דערקלערט די פאַרזאַמלטע, אַז איך, יאַשקאַ גאַלאָוואָרעז, אַ ייד, פיר אויס אַליין דעם אורטייל. מיינע מענטשן האָבן אָנגעשטעלט די אויטאָמאַטן אויפן אַרום, און איך האָב מיט אַ סעריע קוילן דערשאָסן די 16 אוקראַינישע מערדער.

## ХАРАКТЕРИСТИКА

на партизана бригады "Советская Белорусь"
НЕМОЯ Якова Шимоновича, 1915 годе рождения,
уроженца дер.Березово Рокитнянского района,
Ровенской области,УССР.

НЕМОЙ Я.Ш.в период Великой Отечественной войны находился в разведке партизанской бригады "Советская Белорусь" в Пинской области на Белоруссии.

За период нахождения в партизанах т.НЕМОЙ проявил себя как смелый,выдержанный,дисциплинированный,умеющий находить выход из любого положения в боевой обстановке,исполнительный в отношении боевых приказов.

За период его работы в разведке ему был поручен самый ответственный и трудный участок работы по борьбе и разведке с фашистскими войсками,а также с украинскими националистами,/армия УПА/которые уничтожали советских и польских граждан.

Одновременно с работой по разведке т.НЕМОМУ с его группой,было поручено вести диверсионную работу,как в немецких гарнизонах,также и в группе банд украинских националистов.

С этой работой т.НЕМОЙ справлялся хорошо.им спасено сотни советских и польских граждан от немецкого насилия.

Кроме того т.НЕМОЙ возглавлял группу партизан для перехода через линию фронта и каждый раз,очень удачно,им было доставлено большое количество боеприпасов,вооружения и взрывчатых веществ.

Неоднократно т.НЕМОМУ поручалось выполнить непосредственную связь с партизанскими отрядами и соединениями



действующими на территории Белоруссии и Украины. /с героем Советского Союза генерал-майором т.Ковпаком,героем Советского Союза т.Федоровым,героем Советского Союза т.Бегма/с польским отрядом им.Костюшко и другими/. и им это выполнялось честно,умело и добросовестно.

В период нахождения т.НЕМОГО в партизанской бригаде им и его группой проделано следующее:

им лично было уничтожено 33 гитлеровца.им с группой вместе было спущено 4 эшелона с живой силой и техникой,уничтожено 5 танков22 автомашины,3 бронетранспортера.Вел неоднократно бои с украинскими националистами,/УПА/ в результате чего 2 группы были полностью уничтожены и 3 группы разбиты.

По инициативе т.НЕМОГО его группой был отбит,превышающий в 10 раз численностью,отряд украинских националистов, который хотел захватить склад с боеприпасами и вооружения партизанского отряда.

Тов.НЕМОЙ Я.Ш. за свои заслуги и боевые действия был награжден Советским Правительством орденом "Красной звезды",медалью "партизану Отечественной войны I степени", медалью "За отвагу",медалью "За участие в Великой Отечественной войне 1941-45г."
Кроме того,за хорошее и точное руководство группой совместной разведки соединения героя Советского Союза Ковпака и бригады "Советская Белорусь" лично т.Ковпаком т.НЕМОЙ награжден личным оружием "Маузер".

После расформирования партизанских отрядов т.НЕМОЙ был оставлен,решением бюро Обкома Партии на советско-хозяй



ственной работе- директором лесного хозяйства.

Все его действия за период войны подтверждают о его хороших качествах как человека смелого,решительного, исполнительного,который может не пощадить своей жизни в борьбе с врагом.

КОМАНДИР ПАРТИЗАНСКОЙ
БРИГАДЫ "СОВЕТСКАЯ БЕЛОРУСЬ" [signature] /СМОТРОВ/

НАЧАЛЬНИК РАЗВЕДКИ БРИГАДЫ
"СОВЕТСКАЯ БЕЛОРУСЬ" [signature] /КАЛЮК/

21 июня 1944 года.

[stamp] Подписи верно
Секретарь [illegible]
[illegible]

מיין פּסעוודאָנים "יאַשאַ גאָלאָוואָרעז" האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַלע די, וועלכע האָבן אויפן געוויסן דערמאָרדעטע, אָדער אַרויסגעגעבענע צו די נאַציס יידן.

אַ צווייטער גאָר אינטערעסאַנטער פאַל פון מיין פּאַרטיזאַנער־לעבן האָט פּאַסירט נישט ווייט פון שטעטל אַלעווסק, דאָרט איז געשטאַנען אַן אָפּטיילונג פון וולאַסאָווצעס. מיין אָפּטיילונג האָט באַקומען אַן אויפגאַבע זיי צו אַגיטירן, אַז זיי זאָלן צוריק איבערגיין אויף דער סאָוויעטישער זייט און מען וועט זיי שענקען די זינד. ס'איז באַוווסט, אַז ספּעציעל אין לעצטן מלחמה־פּעריאָד זענען פיל פון די פאַרעטער צוריקגעקומען אין דער סאָוויעטישער אַרמיי. איך האָב געמאָלדן דעם קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע, אַז נישט ווייט פון דעם שטעטל האָב איך אַ פויער, אַ באַקאַנטן פון מיינע עלטערן, אַ געוויסן גאַווריליוק. איך האָב באַקומען זעקס מענטשן צו גיין צו אים און אים אויספאָרשן וועגן דער סיטואַציע ביי די וולאַסאָווצעס. איך האָב זיך אָנגעטאָן אין אַן אוניפאָרם פון אַ דייטשן אָפיציר פון ס.ס., און מיינע מענטשן אין אוניפאָרמען פון דייטשער פּאָליציי, און מיר האָבן זיך געלאָזט צו גאַווריליוקן. איך בין אַריין אין זיין הויז אַליין, און מיינע מענטשן, וועלכע זענען געבליבן אין דרויסן, האָב איך באַפוילן קיינעם נישט אַרויסלאָזן פון הויז אָן מיין באַפעל.

ווען איך בין אַריין, איז גאַווריליוק געזעסן ביים טיש און געגעסן. דערזענדיק מיך איז ער אויפגעשפּרונגען און אויסגערופן: הייל היטלער! איך האָב דאַן אַראָפּגענומען פון מיין קאָפּ די דייטשע קעפּי און געזאָגט אין רוסיש: דערקענסט מיך נישט? ער האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און גלייך מיך דערקענט. מיט אַ געבראָכענער שטים און טרערן אין די אויגן האָט ער גענומען מיך אויספרעגן וועגן גורל פון מיינע עלטערן. איך האָב אים דאַן געזאָגט, אַז איך בין אַ פּאַרטיזאַן און אַז איך וויל וויסן אַלעס וואָס ער ווייסט איבער די וולאַסאָווצעס, וועלכע שטייען נישט ווייט פון דאָרף. איך האָב אים געבעטן, אַלס באַקאַנטן פון מיינע עלטערן, וועלכע זענען גרויזאַם דערמאָרדעט געוואָרן, ער זאָל מיר איבערגעבן שנעל אַלע ידיעות פון די וולאַסאָווצעס, ווייל איך האָב נישט קיין פיל צייט. אנשטאט מיר צו ענטפערן האָט ער מיך פאַרבעטן עסן. ער איז אַוועק ברענגען בראָנפן, און שטילערהייט עפּעס געזאָגט דעם זון. דער זון איז אַרויס, און גאַווריליוק האָט מיך גענומען צווינגען צו טרינקען. זעענדיק, אַז איך וויל נישט, האָט ער מיט כוח געוואָלט מיר אַריינגיסן אַ כוס בראָנפן אין מויל. אין דעם מאָמענט האָט זיך געגעבן אַ רייס אויף די טיר און מיינע פּאַרטיזאַנער (איבערגעטאָן אַלס דייטשע פּאָליציאַנטן) האָבן אַריינגעוואָרפן גאַווריליוקס זון, פאַרבלוטיקט און געבונדן. מיין חברה האָט מיר ראַפּאָרטירט, אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז ביי זיי אין שטוב איז געקומען אַן איבערגעטוּעגער פּאַרטיזאַן, אַ ייד, און אַז ער לויפט מעלדן דער דייטשער פּאָליציי, כדי מען זאָל אים אַרעסטירן. מיינענדיק, אַז מיינע חברים זענען דייטשן, האָט ער זיי געבעטן זיי זאָלן מיך אַרעסטירן. זיי האָבן אים געלאָזן אויסגעהערט, זיך איבערגעוווּנקען, דערלאַנגט אים אַ פּאָר שטאַרקע קלעפּ און געבונדן.

אויסהערנדיק דעם ראַפּאָרט, איז גאַווריליוק מיר געפאַלן צו די פיס און געבעטן רחמים, מען זאָל אים און זיין זון שענקען דאָס לעבן. איך האָב דאַן דערקלערט גאַווריליוקן, אַז ער קאָן רעכנען אויף חסד נאָר אויב ער וועט געטרוי איבערגעבן וויפל יידן ער האָט דערמאָרדעט. איך האָב אים געזאָגט, אַז די פראַגע וועגן די וולאַסאָווצעס איז נאָר געוועזן אַן אויסרייד, אַז איך ווייס געטרוי וועגן זייערע מעשים, נאָר איך וויל, אַז ער אַליין זאָל זיך מודה זיין אין אַלץ.

ער האָט זיך מודה געווען, אַז ביי אים האָבן געטעכטיקט צוויי יידישע משפחות, אָבער ביי נאַכט האָט פּאָליציי זיי צוגענומען. ער אַליין ווייס פון גאָרנישט וויאַזוי די פּאָליציי האָט זיך

